Hirschbein, Peretz.
Yo'el.
Varsha : Progres, 1909.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004-1876.11

**Hirschbein, Peretz, 1880-1948.**
Yo'el / Perets Hirshbayn. Varsha : Progres, 1909.
84 p. ; 22 cm.

1. Yiddish drama.—lcsh
I. Poland-Warsaw

ID: NXYH01-B11428 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106110

Reduction ratio x 10.0

## פרץ הירשביין.



# יואל






ווארשע–ניו־יארק

# פֶּערְזָאנֶען.

---

**אֵלִיָה** א דארף־שניידער.

**מְנוּחָה** זיין ווייב.

**יוֹאֵל** זייער זוהן.

**חַוָה** מנוחה'ס אפליעמיאניצע, א יתומה.

**דֶער רָב.**

**זַלְמָן** גבאי.

**גָאלְדֶע** א שכנ'טע.

**נָחוּם'טְשֶׁע**
**בֶּעְר'טְשֶׁע** } לערנער.
**חַיִים'טְשֶׁע**

צייט: די פערגאנגענע.



# ערשטער אקט.

ביי אליה דעם שניידער.

א שמאלער, נידריגער צימער. צוויי קליינע פענסטערלעך אין דער רעכטער וואנד. לינקס — א טהיר אויף דער גאס ארויס. דאס מעבעל בעשטעהט פון א טיש, א פאר בענקלעך, א גראטקע, א פאליצע מיט פערשטויבטע ספרים א. ד. ג. אין דעם הינטער־גרונד זעהט זיך א צווייטער צימער שענער אויפגערוימט. די טהיר מיט א גלעזערנע שייבעל איז אפען און עס זעהט זיך א פלייצקע פון א הילצערנע בעט. ביים וויט א פענסטער און נעבען איהם א טישעל. פאר נאכט. ענדע זומער.

### אליה.

(ער זיצט ביים טיש, וועלכער שטעהט נעבען פענסטער און נעהט א פויערשע סיערמיגע. ס'ווערט טונקעלער און איהם איז שווער צו נעהען, ווישט ער דעם טוי פון די שויבען אונטערברומענדיג א ניגון'דיל).

### מנוחה.

(קומט אריין פון דער גאס. אויף'ן קאפ א טוך. זי טראגט א בגר אויפן האנד. צו אליה'ן):

— וואס בלענדסטו זיך די אויגען? ועסט מארגען ענדיגען.

### אליה.

— וואס טראגסטו אזוינס?

מ נ ו ח ה (בעווייזט איהם אב'אלטען קאפטען):

— צו פערדריכטען. א נו אדרבה, טרעף וועמעס עס איז?

א ל י ה (טאפט).

— אטלעס! כ'קען שווערען—דעם רב'ס שבת'דיגער אויבער־בגד — צו פערדריכטען?

מ נ ו ח ה.

— און די עלענבויגענס אויסגעריבען... פרעגסטו גאר נישט ווי איך קום אהין?

א ל י ה.

— כ'טראכט עס טאקי.

מ נ ו ח ה (צופריעדען).

— פרעג שוין בעסער גאר נישט.

א ל י ה.

— מסתמא יואל, וואס?

מ נ ו ח ה.

— איך בין פערבייגעגאנגען דאס בית־מדרש געסעל, הער איך מען רופט: „מנוחה! מנוחה!" כ'קוק מיר אום — די רבי'צין שטעהט אין פענסטער און רופט. כ'האב מיר פערשעמט: אזא הילוך ווי איך געה; טאמער פרעמדע מענשען דארט.



א ל י ה.

— וואס זשע האט זי דיך געדארפט?

מ נ ו ח ה.

— הערסטו דאך. רוימט זי מיר איין א סוד אין אויער, אז יואל איז דארט ביי זיי. שוין אפשר זעקס שעה זיצט ער פון שווארט מיט'ן רב אין איין חדר און לערנען. (זי שווייגט א ווײלע) נו וואס זאגסטו, אליה?

א ל י ה.

— וואס זאל איך זאגען? וואס קען א פראסטער מענש זאגען? (ער בלייבט א ווײלע שטיל, א צופריעדענער שמייכעל צוגיסט זיך איהם אויף זיין פנים. בעקוקט נאך אמאל דעם רב'ס בגד). דעם רב'ס שבת'דיגער מלבוש... ווייסט אז אין דעם מלבוש געהט ער שבת צו דער תורה?

מ נ ו ח ה.

— איך בין דארט א ווײלע געשטאנען. כ'האב געהערט זייער ביידענס קול. ער האט דעם רב איבערגעשריען. אזוי ווי מיט א היזעריגקייט האט ער גערעדט; אזוי צוהיצט און דער רב האט אלץ פער'גאפ'ט אונטערגעכאפט: „יא, און וואס ווייטער, וואס ווייטער"...

א ל י ה.

— קענסטו אפשר חאטש אפאר ווערטער איבערזאגען פון זייער לערנען?

מ נ ו ח ה.

— ווי רעדסטו אזא נארישקייט? ווי קום איך דערצו?

### אליה.

— און וואָס האָט די רבי'צין גערעדט צו דיר?

### מנוחה.

— קענסט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען ווי זי האָט גערעדט מיט מיר... טאַקי עפּיס פון גאַנצען האַרצען. געזעהן עפּיס, ווי אַ מענש ווינשט מיר גוטס.

### אליה.

— טאָ ציינר מיר טאַקי אָן דעם לאָטס.

### מנוחה.

(זי ציינדט אָן דעם הענג־לעמפּעל, וואָס ביי אליה'ן איבער'ן טיש).

— „געבענשט זאָל זיין די מאַמע" — האָט זי געזאָגט פון רב'ס וועגען.

### אליה (בעקוקט פאַר'ן לאָמפּ די קאַפּאָטע).

— אַטלעס ווי עס גלאַנצט! זעהסטו, מנוחה, אין די עלענבויגענס דורך־געריסען. פון קלערען קומט עס! שטענדיג אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענד.

### מנוחה.

— דער רב מוז האָבען אַ גרויסען שטערן... און יואל'ס שטערן... הערסט, אליה, מיר דוכט זיך ציטענווייז, אויף יואל'ס שטערן לייכט עפּיס... די שכינה זאָל עס לייכטען? וואָס זאָגסטו, אליה?



### אליה.

(וועלכער איז פאַר'עסק'ט מיט דער קאַפּאָטע).

— ווי דין דער אַטלעס איז! דינער נאָך ווי זייד. געוואוינט צו האַלטען צווישען די פינגער פויערשע סיערמיענגעס... הערסט, מנוחה? מען וועט בעדאַרפען קויפען גאָר אַנדערע נאָדלען, „ס'איז ביי מיר נאָר אַזאַ דינע נאָדעל ניטאָ. ס'מוז נאָך געווים זיין דאָס חופּה־מלבוש. רבנים צו דער חופּה נעהמט מען אַזוינע בגדים.

### מנוחה.

— און אונזער יואל'ן?

### אליה.

— וואָלט נאָר האַלטען דאַביי. הערסט, מנוחה? איך נעה דאָך מיין גאַנצען לעבען פויערשע סיערמיעגעס, נאָר פאַר איהם, פאַר מיין קינד —

### מנוחה.

— געזונד און שטאַרק זאָל ער מיר נאָר זיין!

### אליה.

— פאַר מיין קינד וואָלט איך אַליין מיט מיינע אייגענע הענד גענעהט. פון די דינסטע אַטלעס — און אַליין. זאָל ער געדענקען. פערשטעהסט, אַז דער טאַטע זיינער האָט איהם גאָר ניט געקענט געבען; נישט מזכה זיין איהם האָטשע מיט אַ פּסוק חומש — איז צו דער חופּה... אַריין־געהען איהם אין זיין אויבער־בגד, אין די נעט, אַלץ וואָס אַ טאַטע טראָגט אין האַרצען.

מנוחה.

— נאַרישער מענש איינער.

אליה.

— ביזט אַ קינד, מיינסטו אַז כ'בין אַן עם־הארץ, נישט געלערענט און נישט פערשטאַנען... ס'איז אָבער פאַרהאַן אַזוינס וואָס אַפילו אַ פראָסטער שניידער קען פיהלען. (היצט זיך) אַלץ איז דאָך פון גאָט. פערשטעהסט, אַלץ: און איך, און דו, און אונזער קינד וואָס מיר האָבען...

מנוחה.

— געזונד און שטאַרק זאָל ער מיר נאָר זיין!

אליה.

— אַלץ איז פון גאָט. און אַז גאָט איז פאַרהאַן — ווייסטו דאָך, וואָרום ווי איז עס געשיקט? דאַצו קען איך דאָך אַ שניידער אויך זיין, מיט מיין שניידערשען שכל — דו פערשטעהסט?

מנוחה (זי קוקט איהם אָן פערוואונדערט).

— און צו דער חופה?

אליה.

— זאָג איך דאָך דיר, אַז איך מיט מיין שניידערשען שכל, געפיהל, זעה עס אַלץ. אין דעם אַטלעסענעם מלבוש, אין די נעט וועל איך איהם מיין שניידערשען געדאַנק אַריינגעהען. און כ'וועל טראַכטען פון גאָט וואָס האָט מיר אַזאַ ליכט איבער מיין קאָפּ אָנגעצונדען... האַ, מנוחה? פערשטעהסטו וואָס מען רעדט צו דיר?...



מנוחה.

— אפשר ביזטו גערעכט.

אליה.

— וואָס איז שייך גערעכט? אימעצער זאָגט דען, מיר זענען אונגערעכט? איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט — איז דאָך אַלץ פון איהם! איז דען שייך גערעכט און אונגערעכט? אַ יודענע פערשטעהט נישט.

מנוחה (בעליידיגט).

— וואָס ווילסטו פון מיר? וואָס פערשטעה איך דיר דאָ נישט? ווי דען, אַלץ פערשטעה איך, אַלץ.

אליה.

— טאָ וואָס זשע שטעהסטו ווי אַ גלאָמפּ, ווי דו וואָלסט גאָר נישט וויסען, וואָס מען רעדט צו דיר?

מנוחה (מיט טרעהרען אין די אויגען).

— אַ נאַרישער געדאַנק דרומעלט זיך מיר אין קאָפּ.

אליה.

— וואָס ווידער? וואָס פאַר אַ געדאַנקען? האָסטו זיך איינגעהערט, וואָס מען האָט גערעדט צו דיר? ס'איז דאָ אַ גאָט? זאָג!

מנוחה.

— ווי פרעגסטו גאָר אַזוינע ווערטער?

אליה.

— איז דא, מײן איך — מײנסטו — וויל איך זאגען, שוין! אוים געראנקען!

מנוחה.

— ווילסט אפילו נישט אויסהערען.

אליה.

— ס'איז דען פארהאן פון וואס צו הערען? אז דו ווײנסט שוין, איז דאך שוין נארישקײט, טא וואס האב איך דא צו הערען?

מנוחה.

— באשר מאנכלײט קענען נישט װײנען! כ'ווײס נאך נישט וועמען ס'איז בעסער. ווײבער װײנען פאר גליק, אז דער וואס אין הימעל זאל אויסהיטען פון אונגליק... וועניג אונגליקען איז פארהאנען אויף דער וועלט...

אליה.

— וואס פלוידערסטו? ביזט דאך געקומען מיט א ליכטיג פנים און איצטער — זעה, דו ווײנסט דאך...

מנוחה.

— אבער הער־זשע אויס, איצטער גיסען זיך מיר די טרערען און כ'ווײס אלײן נישט פאר וואס... בײ נאכט, ס'איז שטיל אין שטוב ב'ליבען אין בעט, קוק זיך ארום אין דער פינסטערקײט און איך זעה



נאר נישט ארום זיך... פונקט יעמאלט, ווען מיט די אויגען קען איך גאר נישט זעהן ווערט מיר אין מײן קאפ אזוי קלאר... און יעמאלט פרעג איך בײ זיך אלײן: „מיט וואס, מנוחה, זאג מיר, מיט וואס האסטו פערדינט בײ גאט, אז בײ דיר, אין דײנע ווינקעלעך זאל די זונן לײכטען? אז פון דײנע געדערעם זאל אזא שטיק ליכט ארויס־קומען? מנוחה, אונטער דײן הארצען..." און כ'הײס טאקי נישט פאר וואס — קוק איך אויף יואל'ן און זעה ווי זײן צורה לײכט, פרעג איך מיר אלײן: איז עס דײן קינד? פאר וואס קומט עס דיר? און מיר דוכט זיך, אז אט, אט...

אליה (ווי דערשראקען).

— וועסטו אפשר שווײגען?!

מנוחה.

— זעהסטו דאך! דו אויך.. ב'לײען דאך פון דײן פנים, דו טראכסט אויך דאס אײגענע...

אליה.

— מיר מעגען זיך טראכטען, אז ווערטה בײ גאט זענען מיר נישט — און גאט'ס חסד איז גאר עבים אנדערש. זײן חסד איז שוין א קאפ בעסער פון דײן װײבערשען שכל... אט בעסער ברענג מיר א דינע נאדעל מיט דינע פאדעם און כ'וועל מיר זעצען פאררײכטען דעם רב'ס בגד.

מנוחה.

(שמעהט פערטראכט).

אליה.

— וואָס האָסטו זיך פערטראַכט ?... זעה, וואָס איז מיט דיר !

מנוחה (ערוואַכענד).

— רבונו של עולם ! היט מיר איהם איין... נאָר דו ! — נאָר דו...

אליה.

— ביזטו דאָך אַ נאַר, ביזטו דאָך אַ פערד׳ל. אַ מאָלאָדיעץ ביזטו זיך, נאָר פאַר אַזוינע שטות׳ערייען קומט דיר גט...

מנוחה (ווישט די טרערען).

— נאַרישקייטען, אליה, נאַרישקייטען. ס׳האָט זיך מיר נאָר אַזוי אויסגעדוכט. כ׳וועל אָנלעגען אַ פייער און מאַכען פאַר איהם אַנ׳עסען. דאָס טעלער׳ל פון הימעל, אַ חלק פון מיין גן עדן כ׳וואָלט קענען פאַר איהם אַראָפּברענגען (מאַכט פייער אין אויווען).

אליה.

(וועלכער איז געשטאַנען פערטראַכט — ברעכט פלוצלונג אויס מיט אַנ׳אונגעלומפּערטען געלעכטער).

— חאַ — חאַ — חאַ — אליה ! דו ביזט אַ טפש און דו האָסט אַ ווייב אַ טפשה, חאַ — חאַ — חאַ !

מנוחה (צושראָקען).

— וואָס איז, אליה ?!



אליה.

— עך, דו נאַרישע אשה ! (גלעט זי) ביזט מיין ווייב, מיין כשר׳ער זיווג, אונטערגעשריבען פון דעם ערשטען טאָג נאָך. הערסטו, ווען מיר זענען נאָך ביידע אויף דער וועלט נישט געווען און גאָט האָט אַ קוק געגעבען אויף אליה׳ן מיט מנוחה׳ן און אַ זאָג געטהון: אָט זאָל אליה מיט מנוחה׳ן לעבען אַ וואוילען טאָג ! זאָלען זיי ! זאָלען זיי !... זאָלען זיי האָבען אַ זוהנעלע, וואָס די שטאָדט זאָל זיך מיט איהם בענטשען; וואָס דער רב זאָל פאַר איהם אויף די שפּיצען פינגער שטעהן... פערשטעהסטו נאַרישע יודענע, וואָס מען רעדט צו דיר ? וואָס קוקסטו מיר אַזוי אָן ? מיינסט, כ׳בין, חלילה, נישט ביים קלאָרען זינען ? — קלאָרע דבורים ! וואָס, נישט ? עס ברענט דער פייער אין אויווען, נעהם שטעל עפּיס צו אַזוי... אַז — עך, דו מנוחה, נאַריש קינד, וואָס וויינסטו ? וואָס וויינסטו ?

מנוחה (וויינט זיך פונאַנדער. כליפּעט).

— וואָס זאָל איך טהון ?... וואָס זאָל איך טהון ?

אליה (ער גלעט זי).

— טפשה מיינע, וואָס איז מיט דיר ? וואָס ווילסטו טהון ?

מנוחה.

— עס שרעקט זיך, עס קלאַפּט מיר דאָס האַרץ. אליה, מיר זענען עס נישט ווערטה.

אליה.

— ווערטה ביי גאָט ! ווערטה ! שוין איין מאָל געזאָגט. צי

דראוועֶן איךְ ניִשט ? כ'פעֶרשטעֶה אפילו ניִשט דאָס וואָס כ'דאוועֶן — אָבעֶר מײַן כּוָנה... אַלץ ליִעגט בײַ מיִר אין האַרצעֶן, פעֶרשטעֶהסט איןֹ וואָס דיִ נפקא מינה בּעֶשטעֶהט ? דעֶר רב, אָדעֶר אַזוי גלאַט אַ למדן, איז אַ'ע געֶדאַנקעֶן בּײַ איהם קלאָר, עֶר זאָגט און ווײַסט וואָס עֶר זאָגט, עֶר קעֶן אעֶפשר אַרויסזאָגעֶן אַ מאָל וואָס עֶר פיִהלט אויךְ, און בּײַ מיִר ליִגט עֶס אין האַרצעֶן וויִ אַ גרויסעֶר קנויל פעֶר־וויִקעֶלט; און דעֶר עיקר איז עֶס אין רעֶכטעֶן מיִטעֶן וויִ אַ קניִפּעֶלעֶ... און דאָס קניִפּעֶלעֶ קעֶן איךְ ניִשט אַרויסרעֶדעֶן, און דאָס אײגעֶנעֶ בּיִזטו אויךְ... נאָר מעֶן בּעֶדאַרף ניִשט, — גאָר ניִשט. אין גאַנצעֶן איִבּעֶריִג, אָט דאָס קניִפּעֶלעֶ איז פאַר דעֶם וואָס אין היִמעֶל קלאָר, עֶר ווײַסט וואָס אין דעֶם קנויל טהוט זיִךְ... פעֶרשטעֶהט זיִךְ, מיִר זעֶנעֶן ווערטה ! (שטיִל).

מנוחה (שטעֶלט צו וואַסעֶר אין אויוועֶן).

אליה (וואַשט דיִ העֶנד).

— אָט, וועֶל איךְ בּאַלד דאַווענעֶן מעריב, וואָס נאָךְ ? מנחה אויךְ געֶדאַוועֶנט צו דעֶר צײַט, אעֶפשר ניִשט מיִט אַ מנין — אָבעֶר גאָט ווײַסט אַלץ, (ס'הערט זיִךְ רעֶדעֶן הונטעֶר'ן טהיִר).

מנוחה.

— כ'לעֶבּעֶן, אימעֶצעֶר געֶהט אַהעֶר. (הערט זיִךְ צו).

אליה.

— דעֶם רבּ'ס קול, העֶרסט ?



מנוחה.

— און יואֶל'ס קול דעֶרקעֶנסטו ניִשט ? יואֶל מיִט'ן רב !

אליה (טהוט אָן שנעֶל אַ קאַפּטעֶן).

— דעֶר רב מיִט איהם...

(ס'עֶפעֶנט זיִךְ דיִ טהיִר און אין שטוּב קוּמעֶן אַרײַן דעֶר רב גרײַז־גראָה, מיִט אַ שטרײַמעֶל אויפ'ן קאָפּ. נאָךְ איהם יואֶל. בּײדעֶ האַלטעֶן אין רעֶכטעֶן מיִטעֶן רעֶדעֶן אין תּורה, צוהיִצט. זייִ שטעֶלעֶן ניִט אָב זײעֶר שמוּעֶס ווערעֶנד זייִ געֶהעֶן אַרײַן).

אליה (כאַפּט זיִךְ אַרוים פריִהעֶר).

— אַ גוּטעֶר נ'אָבעֶנד, רבּי ! (טרעֶט אָב אין אַ זײַט).

דעֶר רב (אויטאָמאַטיִש).

— אַ גוטעֶר אָבעֶנד — אַ גוטעֶר יאָהר ! (עֶר בּלײַבּט שטעֶהן מיִט יואֶל'ן אין מיִטעֶן שטוּב — וויִ זייִ וואָלטעֶן גאָר ניִט שפּיִרעֶן, אַז זייִ זעֶ־עֶן אין אַ ציִמעֶר. אליה און מנוחה שטעֶהעֶן אין אַ זײַט מיִט גרויס דרך־ארץ).

דעֶר רב (צו יואֶל'ן צוהיִצט).

— און דיִ עֶרד פרעֶגט זיִךְ וואָס בּעֶדײַט ? און אַלץ וואָס איִבּעֶר דעֶר עֶרד... און דעֶר היִמעֶל און אַלץ וואָס אין היִמעֶל — אָט וואו דאָס רעֶכטעֶ פּיִנטעֶלעֶ שטעֶהט... קעֶנסטו אָפשר אַ פּסוק זיִךְ דעֶר־מאַהנעֶן, יואֶל ?

יואֶל.

— דיִ היִמלעֶן דעֶרצעֶהלעֶן דעֶם כּבוד פון גאָט און פון אַלעֶ זײַנעֶ

וואונדער-ווערק דערצעהלען די הימלען.

דער רב.

— אט, דאס מיינט מען מיין קינד! דאס מיינט מען...

יואל.

— צו וואס גראבט מען טיפע גראבענס ביים זייט וועג? ווארום ס'איז גלייכער אין א טיפען גראבען אריינצופאלען איידער פון גלייכען וועג אראב-צו-געהן.

דער רב (צופריעדען).

— גאט'ס ווערטער אונטער דיין צונג, מיין קינד; גאט'ס חסד אויף דיין קאפ, (ער ווענדט זיך אין דער זייט וואו אליה און מנוחה שטעהען פערגאפט) אין די געדערעם ביי דער מוטער, ווען דאס קינד ליעגט נאך אין א קנויל פערוויקעלט, ברענט א ליכט ביי איהר צוקאפענס. וואויל איז צו דעם וועמען דאס ליכט פון חסד לייכט איהם דאס גאנצע לעבען... וואס ס'דו יואל עפיס זאגען אויף דעם?

יואל.

— עס שיינט די זונן ביי טאג; עס שיינט די לבנה און שטערען ביי נאכט. פונקלען זיי אלע מיט ליכט און לויטערקייט. פונקעלט פון זיי אלעמען ארויס דער אמת... און פונ'ם אמת ווינקט זיין חסד... עס שפראצען די גרעזער פון דער ערד ארויס און פערוועלקען: זאל עס דער מענש זעהן; צום טרוקענעם גרעזעלע בויגען זיין קאפ און זעהן — וואו דער אנהויב איז און וואו דער סוף איז... דער אנהויב איז — אמת און דער סוף פון אלעמען איז ווידער — אמת, און צווישען אנהויב



און סוף איז חסד... אמת און חסד, דאס איז דער גארטעל וואס הילט אונז אלעמען איין... דאס איז דער שנור וואס קניפט די הויכע הימלען מיט דער שפל'דיגער ערד. ווער עס רייסט די פעדעם, וואס בעהעפטען הימעל מיט ערד, אויף איהם איז געזאגט געווארען: צוליעב דעם זינד ווערט דאס ליכט איינגעטהון...

דער רב (האלזט יואל'ן).

— וואויל צו די אויערן וואס הערען אזוינע ווערטער. וואויל צו די אויגען וואס זעהען אזוינס, נישט נאר אין פלפול אליין, אין חידושי תורה איז אלץ פאר דיר אפען — אין די סודות פון גאט מיט זיינע מענשען אויף דער ערד קוקט אויך אריין דיין ליכטיג אויג... (פלוצלונג) וואו זענען מיר, יואל?

יואל.

— ביי מיר אין דער היים, דאס איז מיין פאטער און דאס איז מיין מוטער.

דער רב (שמייכעלט צופריעדען).

— דאס ליכט פון דער יוגענד האט מיך געצווינגען און געפיהרט און כ'האב אליין ניט געפיהלט.

אליה (צו מנוחה'ן).

— צינד נאך אן א ליכט לכבוד דעם רבי'ן.

מנוחה (צינדט אן נאך אקליין וואנד-לעמפעל).

— יואל, מיין קינד, זאל דער רבי זיצען.

אליה.

— זאָל דער רבי זיִצען.

דער רב (ער קוקט זיִך ארום, שאָקעלט מיִט'ן קאָפּ).

— ציִ דען נאָר אין דיִ הויכע פּאַלאַצען איז זיין נאָמען?... אין דער ניִדער, אין דער פיִנסטערניִש...

אליה.

— זאָל דער רבי זיִצען (ער שטעלט נעבען רב אַבענקעל) מיין קיִנד, זאָל דער רבי זיִצען.

דער רב.

(ווי ער וואָלט זיִך יועלען אָן עפּיס דערמאָהנען, צופריִעדען).

— אָט דאָס איז עס. דאָס איז עס... זעץ זיִך יואל. זעץ זיִך מיין קיִנד (ער זעצט זיִך).

יואל (זיִצט פערטראַכט, דער קאָפּ אראָפּגעלאָזען).

מנוחה.

— כ'וואָלט עס געוועזט וויִסען אז אזא גאַסט וועל איך האָבען ביי זיִך אין שטוב.

דער רב (פלוצלונג, מיִט אַ געהויבענער שטיִמע צו אליה'ן).

— זעצט זיִך, מחותן!

אליה.

— וואָס מיינט, דער רבי?



דער רב.

— דער רב וויִל זיִך מתחתן זיין מיִט אליה'ן דעם דאָרפשניידער. (שטיִל) נו, וואָס שוויי‍גסטו?

אליה (ווי פערלאָרען).

— כ'בין עס ניִשט ווערטה, רבי.

מנוחה.

— ס'איז ניִשט נאָך אונזערע פערדיִענסטען.

דער רב.

— איז דען געוואוסט וועמעס זכות ס'איז גרעסער? אַיניִע כפּים, אַ מענש וואָס האָרעוועט מיִט'ן ביִטערן שווייס... (שטיִל) נו, רבי אליה. וואָס שוויי‍גט איהר? מיין פרומע און הערליִכע אֶסתר און יואל...

אליה.

— זאָל מיין קיִנד זאָגען.

יואל (זיִצט ווי פערשטיינערט).

דער רב.

— און וואָס זאָגסטו, מיין קיִנד?

יואל (רעגט זיִך, ענטפערט ניִט).

דער רב.

— דער רב וויִל זיִך מתחתן זיין מיִט אליה דעם שניידער. ער

ווײַל זײַן מאַכטער אַפֿתּר מיט אליה דעם שנײַדערס זוהן זאָלען צו דער חופּה געהן... (אַלע שווײַגען) אפֿשר בין איך עס נישט ווערטה? אפֿשר מײַן קינד נישט ווערטה?... וואָס זשע שווײַגט איהר?

אליה.

— כ'האָב עס מורא איבער מײַן מויל אַרויס־צו־ברענגען

מנוחה.

— כ'האָב עס מורא פֿון מויל אַרויס־צו־רעדען.

דער רב.

— אין וואָס באַשטעהט די מורא?

אליה.

— מיט אַ מענשען זאָל זיך נישט טרעפֿען, אַזוי, נישט נאָך זײַנע ווערטהען נאָך. אַז כען פֿערדינענט נישט, איז נישט, רבי.

דער רב.

— וואָס זאָגסטו, יואל? ווי האָבען מיר געלערענט? זאָג, יואל, ווי האָט די תּורה געזאָגט?

יואל.

— מִשָּׁמַיִם הִבִּיט ה׳, רָאָה אֶת כָּל בְּנֵי הָאָדָם.

דער רב.

— ווײַסטו אליה דעם טײַטש דאַפֿון? (קלאַפּט אליה'ן איבער'ן פּלייצע)



ווײַסטו אליה, דאָס וואָס דײַן זוהן האָט איצטער געזאָגט?

אליה.

— זאָל מיר דער רבי פֿערטײַטשען.

דער רב.

— פֿונ'ם הימעל לוגט גאָט אַראָב און ער זעהט אַלע מענשען... אַלע, אַלע! הערסט, אליה, אַלע מענשען! אַל—לע!

מנוחה (זי קושט יואל'ן).

— מײַן קינד, מײַן קינד! מיט וואָס האָב איך עס פֿערדינט בײַ גאָט, מײַן כּשר קינד...

יואל.

— נאָך דעם ווי עס שטעהט „אָנכי ה׳ אלהיך — איך בין דײַן גאָט — איז דערנאָך געזאָגט געוואָרען: „כַּבֵּד אֶת אָבִיךָ וְאֶת אִמֶּךָ“.

מנוחה (מיט שׂמחה).

— איך ווײס, מײַן קינד, וואָס עס באַדײַט. איך ווײס, מײַן קינד, וואָס עס איז!

אליה (מיט מעהר דרײַסט).

— איך האָב, רבי, גערעדט מיט דער טפּשה מײַנער, האָב איך. אַז דער עיקר איז דער קנויל וואָס ליעגט אין האַרצען פֿערוויקעלט... אַ דן, זאָג איך, דער רבי זאָל לעבען, זאָג איך, קען אַלץ אַרויס־רעדען אויף קלאָר, ער ווײַסט שוין דעם געדאַנק אויף קלאָר, נאָר

בײַ מיר אין האַרצען איז עס ווי אַ קנויל, רבי ... איהר פערשטעהט?
(ער האַלט דעם רב) איך בין עס נישט ווערטה, רבי ... נישט ווערטה, אַפילו אײַער אַטלעסענע קאַפּאָטע מיט וועלכער איהר געהט צו דער הײליגער תורה בין איך נישט ווערטה מיט מײַנע פינגער אָנצוריהרען, איהר פערשטעהט? איך נעה סיערמיעגעס פאַר פויערים מיט אַ גראָבע נאָדעל, מיט ווײַסע שאַרע פאָדעם — ווי קום איך צו אַטלעס? אַזוי טענה איך, איך שרײַ, וואָס זאָגסטו, יואל מײַן קינד, וואָס זאָגסטו?

יואל (זיצט פערשטײנערט).

מנוחה.

— רעד דו, מײַן קינד. רעד פאַר דײַן טאַטען, פאַר דײַן מאַמען. דײַן שכל איז בעלויכטען פון דער הײליגער תורה.

יואל.

— כ'האָב געוואַרט וואָס מײַן טאַטע און מײַן מאַמע וועלען זאָגען.

אליה.

— דו, זאָג, זאָג.

מנוחה.

— נאָר דו, דו.

יואל (ער הויבט אויף זײַנע אויגען).

— מײַן האַרץ איז נאָך ווי בײַ אַ קינד יונג, כ'וויל נאָך בײַ דער תורה זיצען. (ער רעגט זיך).



דער רב.

— וואויל, וואויל. וועסט קענען תורה לערנען, בײַ מיר אין מײַן שטוב. דײַן בעשערטע פון גאָט, מײַן טאָכטער, וועט אויף די שפּיצען פינגער אַרום דיר אומגעהן, זי זאָל דיר חלילה דײַן געדאַנק נישט איבערמישען ... בן שמונה עשרה לחופה איז געזאָגט געוואָרען ... און דו ביזט שוין ווײַט אַריבער ...

יואל.

— אָבער ווען מײַן האַרץ גלוסט תורה לערנען. (שטיל. אַלע קוקען צו איהם).

דער רב.

— ר' אליה, וואָס זאָגט איהר?

אליה.

— איך בין אַ פּראָסטער שנײַדער.

יואל.

— כ'האָב נאָך קײן מאָל נישט געטראַכט ... (פערהאַקט זיך; ס'איז צו מערקען זײַן שמערצענהאַפטע אויפרעגונג, ער געהט צו אליה'ן).
איך וויל טאַטע דו זאָלסט רעדען פאַר מיר, בעט, טאַטע, דעם רבין ער זאָל ...

מנוחה.

— צי דען קען איך זאָגען יאָ אָדער ניין, אַז דער רבי האָט זיך אַזוי נידריג אַראָבגעלאָזען. איך בין דאָך אַ יודענע; נישט

מעהר ווי א יודענע — וואס וויים איך צו זאגען?

אליה.

— מסתמא איז דאך עס אלץ פון גאט, אלץ פון גאט — קען איך דען איבערמאכען? אזוי טענה איך מיינס.

דער רב (אליין מיט זיך, פערטראכט).

— די תורה... די תורה — יא די תורה — די היילינגע תורה... אין קאפ מוז מען עס ווי געהעריג איז איבערלעבען.

אליה (פלוצלונג, מיט דרייסט).

— רבי איך בין גרייט צו טהון אייער ווילען.

יואל.

(ער מאכט א בעוועגונג, ווי ער וואלט זיך וועלען ווערען, רעדט מיט איין איינגעהאלטענעם אויפגערעגטען טאן).

— ווילט איהר... אויב איהר ווילט.

מנוחה.

— קען איך דען נישט וועלען? (ס'קלאפט אימעצער הינטער דער טהיר).

אליה.

— אימעצער געהט אהער, מנוחה.

דער רב (ערהויבענד).

— אפשר דער שמש מיך רופען?



מנוחה (עפענט די טהיר).

חוה

(קומט אריין. שען געוואקסען, פול מיט בעוועגונג, זי קוקט זיך ארום, שמייכעלט צופריעדען, אלע קוקען איהר אן פערוואונדערט).

— גוט נ'אבענד! איהר דערקענט מיך טאקי נישט? (לאכט).

מנוחה (איבערראשט).

— כ'קען שווערען — חוה! טאקי חוה! אליה, דאס איז דאך חוה, ווי קומסטו אהער?... (זיי קושען זיך). נאך'ן קול האב איך זי דערקענט.

חוה (צו אליה'ן).

— און וואס מאכט איהר, פעטער? איהר האט מיך נישט דערקענט? חא־חא־חא, קיינער נישט דערקענט. (קוקט אן יואל'ן) און דאס ביזטו יואל'קע... דו האסט מיך אויך נישט דערקענט, אהא, יואל'קע, כ'האב געזאגט אז כ'וועל נאך א מאל קומען אהער — געהאלטעןווארט!

יואל.

(קוקט זי אן, נאר זיין בליק פאלט צו דער ערד).

אליה (צום רב).

— דאס איז מיין שוועגערינ'ס, זאל זיין אין גן־עדן — א טאכטער, איהרע א שוועסטער'ס. קליינוויז ביי מיר געוואקסען.

מנוחה.

— א קינד'ע עבריגע יתומה. נאר א פיצעלע געלאזען די מאמע איהרע.

חוה (צופרידען אויפגערעגט).

— צוועלף יאָהר בין איך אין גאַנצען אַלט געווען, ווען איהר האָט מיך אָבגעפיהרט צו דער מוהמען, נאָך גאָר אַ קליינינקע געווען, אמת יואל? מיר פלעגען זיך ביידע בעהאַלטען אונטער'ן בעט, געדענקסט? שבת צו נאַכט'ס אידער מען פלעגט אָנצינדען ליכט פלעגען מיר זיך שפּילען אין בעהעלטעניש, האָסט מיך איין מאָל פון אונטער דער מוהמעס פערענע אַרויסגעשלעפּט, חאַ — חאַ — חאַ, געדענקסט, יואל'קע?

דער רב.

— ביי איך רעדען אַלע אַזוי הויך?

חוה (איבערראַשט, פערשעמט).

יואל.

— איך בין נאָך יעמאָלט אין חדר געגאַנגען.

דער רב.

— צו הויך... פע מיין קינד.

אליה.

— רבי, דאָס איז נישט פון געוואוינשאַפט.

חוה (רעדט שטילער).

— איך בין דאָך, פעטער'ל, שטענדיג אַ שטיפערקע געווען איהר געדענקט, ווי כ'פלעג אייך די באָרד אויסרייסען, — פערפּליאָנטערן אייך די פּאָרעס.



מנוחה (וויינט).

— מיט דרך־ארץ אַביסעלע מיין קינד, דאָס איז דאָך אונזער רב. דו זעהסט גאָר נישט, צוליעב יואל'ס זכות דער רבי ביי אונז אין שטוב.

חוה.

(זי טרעט אָפּ אין אַ זייט האַלב בעלעדיגט האַלב פערוואונדערט).

— רעד איך דען אַזוי הויך?...

דער רב.

— געה איך דערווייל אַ היים, און דו, יואל מיין קינד, און דו, יואל מיין קינד, (זיין קול ציטערט) ווייסטו, אַז צוויי וועגען זענען פאַרהאַנען... געדענק'זשע, צוויי וועגען זענען פאַרהאַן. — אַ גוטע נאַכט! אַ גוטע נאַכט! (ער קושט די מזוזה, געהט אַרויס, אַלע קוקען איהם נאָך אויסער יואל וועלכער זיצט ווי צומישט).

חוה.

— דאָס איז עס דער רב. כ'האָב איהם דערקענט.

אליה.

— דער רב איז עפּיס טרויעריג אַוועק.

מנוחה.

— איך בין עפּיס ווי צומישט, און ווייס נישט וואו כ'בין אין דער וועלט, (זי פאַלט נאָך אַ מאָל הוה'ן אויפ'ן האַלז, אַ דויערנדעם קושען) ביזט דאָך ס'איינציגע וואָס איז מיר איבערגעבליבען נאָך חיענעלען... דאָס איינציגע... (קושט זי).

חוה.

— אָבער זעהט סאַראַ' גרויסע איך בין אויסגעוואַקסען! שטעל זיך יואל וועלען מיר זעהן ווער איז גרעסער...

אליה.

— וויסט, מיין קינד, דער רב — אונזער רב, עפּיס נישט קיין קליינינקייט, ער איז דאָך געווען ביי אונז און איז עפּיס אַוועק אומעדיג.

חוה.

— איך בין אַזוי צוטראָגען אַז כ'האָב איהם גאָר נישט אָנגעקוקט ווי ער האָט אויסגעזעהן... יואל וויל גאָר אַפילו נישט קיין קוק געבען אויף מיר.

יואל (שטעלט זיך, שעמט זיך).

— וואו ביזטו געווען די גאַנצע צייט?

חוה.

— האַ — האַ, וואו כ'בין געווען די גאַנצע צייט, כ'האָב אַלץ געוואַרט, אַז כ'וועל גאָר אַ גרויסע אויסוואַקסען, איהר וועט מיך שוין נישט דערקאָנען — יעטואַלט וועל איך קומען צו אייך, איהר וועט מיך אָנקוקען, אָנקוקען און דערנאָך מיט אַ מאָל: חוה! דאָס איז דאָך חוה.

מנוחה.

— ווייסט חוה'לע וואָס דער רב האָט דאָ געטהון?



יואל (אַראָפּגעלאָזען די אויגען).

— רעד נישט, מאַמע!

אליה.

— מיינע אויגען האָבען געקוקט און גאָר נישט געגלויבט.

מנוחה.

— אֶפשר מאַכען דיר אַנ'עסען?

חוה.

— ניין, כ'וויל נישט עסען, כ'בין זאַט מיט אייך אַלעמען, אַז איך וואָלט אייך דערצעהלען ווי כ'האָב געבענקט אַהער צו אייך... ווי כ'האָב אייך שוין אַלעמען געוואָלט זעהן... ווי איך האָב צו דיר יואל'קע געבענקט. — און דו ווילסט גאָר נישט אַפילו אַ קוק געבען אויף מיר... מוזט שוין גאָר גוט קענען לערנען... אויף דיין שטערן איז אָנגעשריבען. (קוקט איהם אָן).

אליה.

— דער רב וויל נעהמען יואל'ן פאַר אַנ'איידעם.

חוה (איבערראַשט. זי ווערט בלאַס).

— יואל'קע אַזוי גיך? גאָר נישט געוואַרט אויף מיר...

יואל.

(ער גערט אויף און אָבן, וואַרפט צושראָקענע בליקען צו חוה'ן).

חוה.

— יואל, יואל... פֿערגעסען חוה'לען. געדענקסט, מיר האָבען דאָך אַמאָל אין טאַטע־מאַמע געשפּיעלט, דער פֿעטער האָט אונז בײדען מיט'ן בעזעם אַרויסגעטריבען פֿון אונטערן בעט, (זי שטעלט זיך געבען איהם) איהר זעהט, בײדע אין גרוים! (צופֿריעדען) בײדע אין גרוים!

אליה (ער ווינקט אונצופֿריעדען צו מנוחה'ן).

יואל (ווענדט זיך צום טהיר, ער וויל אַרויסגעהן).

מנוחה.

— וואוהין אַזוי שפּעט?

יואל (ווי דערשראָקען).

— איך געה אין בית מדרש אַרײן, כ'וועל שוין דאָרט בלײבען לערנען אויף אַ גאַנצע נאַכט.

חוה.

— דו אַנטלויפֿסט פֿון מיר? און איך האָב געמײנט, יואל'קע, דו וועסט דערזעהן דײן חוה'לען... וועסט זיך דערפֿרעהען... אַזוי לאַנג נישט געזעהן, אַך יואל'קע. —

מנוחה.

— וואו וועסטו שוין הײנטיגע נאַכט געהן אין בית המדרש אַרײן, וואו ס'דו שוין געהן? אַט בלײב שוין דאָ לכבוד דעם גאַסט!



אליה (ער קוקט פֿערוואונדערט).

— דו האָסט דאָך געכטען אויך אַ גאַנצע נאַכט געלערנט. וואו ס'דו שוין געהן אַזוי שפּעט? ס'אי דאָך איבער דײנע כוחות.

יואל (ווי ער וואָלט בעטען הילף).

— טאַ רופֿט דעם רב אַהער... געהט רופֿט צוריק דעם רב.

מנוחה (האַלזט חוה'ן).

— עפּיס מײן קינד שרעקט זיך פֿאַר דיר, דאָס ביזטו דאָך חוה... מײן שוועסטער'ס יתומה — — טאַ וואָס שרעקט ער זיך...

חוה.

— קום יואל! די מוהמע זאָגט, דו שרעקסט זיך פֿאַר מיר, וואו ס'דו געהן אין בית מדרש אַרײן, קום צו מיר, צו חוה'לען, (גלעט איהם) לאָמיר ווידער, יואל'קע, קלײנע, קלײנע קינדערלעך זײן (קוקט איהם אין די אויגען).

(פֿאָרהאַנג).



# צווייטער אקט.

ביי אליה דעם שניידער. דעקאראציע ווי אין ערשטען אקט. אליה און מנוחה זענען ביידע שטארק פער'עסקט ביים באק-אויווען, קוקען ביידע אין אויווען אריין מיט פערגאפטע פנים'ער, אין דעם צימער, אינ'ם הינטערגרונד, זעהט זיך דורך די גלעזערנע שויבלעך אין דער פערמאכטער טהיר — יואל, ער שאקעלט זיך איבער דער גמרא מיט גרוים התמדה, פון ציים צו ציים רייסט זיך דורך זיין געזאנג — ער לערנט.

מנוחה (קוקענדיג אין אויווען).

— נאר קנאפ הייוען געלעגט אין די בולקעס, קיין עין-הרע, וואקסען פון אויווען ארויס.

אליה.

— ס'כאפט ברוינען, כ'האב מורא, האסט צופיעל האלץ געלעגט.

מנוחה.

— קיין בעז זאל נישט זיין, כ'וועל האלטען א ביסעל אפען דאס טהירעל.

אליה.

— וועסט איהר אויך מיטגעבען א פאר בולקעס?



מנוחה.

חוה'ן מיינסטו?... וואס וועלען לייט זאגען? א יתומה; ווי טרייבט מען זי?

אליה.

— ווער זאגט, טרייבען? וואו זי איז געוועזען פריהער, אהין זאל זי זיך פאהרען איצטער אויך. (רעדט שטילער) איך בין א פראסטער מענש, כ'טאר עס פון מויל נישט ארויסרעדען. פערשטעהסט?... איך זאג דיר — מען טאר זי נישט האלטען... פערשטעהסט?

מנוחה.

האט מען זי אפשר מיט אנ'אנדער דרך געקענט אפשיקען צוריק. מיט א יתומה...

אליה (שוין האלב אין כעס).

— איך טאר עס נישט, פערשטעהסט? דער רב האט ווי אנגעוואונקען: „א קול פון א אשה" האט ער געזאגט. — ביי אייך אין שטוב, א כשר קינד, זאגט ער, ס'קען נאך חלילה א פלעק פאלען, זאגט ער. — פערשטעהסט?... מען האט עס מיר געגעבען צו היטען, מיר, דעם שניידער האט מען געגעבען אנ'אוצר צו היטען — טא וואס זאל איך טהון? ס'איז גאר נישט אונזערער; און מיר מוזען היטען.

מנוחה.

— כ'האב אפילו קיין בעז נישט געזעהן.

אליה.

— זי איז דאך איהם אויפ'ן קאפ געקראכען... עפיס א קליינינקייט

איז עס ביי דיר ? אַ פרעמדער אוצר . . . מען קען נאָר גרינג בעשטראָפט ווערען .

מנוחה.

— זי איז ערגיץ אוועק נאָר אומגעגעסען (ווישט די טרערען) יתומה מיינע, עפּיס דאָס הארץ נאָגט אזוי.

אליה.

— כ'האָב דען איהר געזאָגט אזוינס בעזעס עפּיס ? כ'האָב איהר געזאָגט ווי דער אמת איז ; מיט אַ שכל האָב איך איהר געזאָגט. פאַר יואלין, האָב איך געזאָגט. ס'שאַדט צו דער תורה — האָב איך איהר געזאָגט, דו ביזט שוין אויסגעוואַקסען, זאָג איך, גלייכער וויטער ביי דיין פעטער יענקעל זאָלסטו זיין.

מנוחה (בעמערקט איטעצען אין פענסטער).

אליה (ער קוקט אין פענסטער).

— דוכט זיך גאָלדע געהט, שליס צו די טהיר ביז דו וועסט ניט פערשטעלען דעם אויוועז מיט'ן ברעטעל.

מנוחה (פערריגעלט די טהיר).

— אָבער זעה נאָר, שטענדיג, ווען מען בעדאַרף זי נישט וואַקסט זי אויס, (מען קלאַפּט) ווער איז דאָרט ?

גאָלדע (הינטער'ן טהיר).

— עפענט, מנוחה לעבען !



מנוחה.

— באַלד, גאָלדעשו, כ'האָב מורא דער אויווען זאָל נישט אויסקיהלען.

אליה (שטיל).

— זי האָט גאָר קיין צייט נישט.

מנוחה.

— רעד שטילער אַ ביסעל. . . (העכער) האָט קיין פאַראיבעל נישט, גאָלדעשו, כ'עפען די מינוט. (פאַרעט זיך מיט דער לאָפּעטע אין אויווען, נאָר באַלד פערמאַכט זי איהם און עפענט די טהיר).

גאָלדע (קומט אריין).

— גאָט העלף אייך !

מנוחה און אליה.

— אַ גוטער יאָהר.

גאָלדע.

— איהר האָט זיך מנוחה'שו קיין עין-הרע פערווימעלט.

מנוחה.

— היינט דוקא אַ היץ אויף דער גאַס.

גאָלדע (קוקט זיך אַרום).

— עס שמעקט ביי אייך אין שטוב. (יואל'ס געזאַנג רייסט זיך דורך) דער זוהן זיצט דאָרט ? גאָטעניו ! אַז דו ווילסט אָנטהון אַ נחת דער

מאַמען. — (אויף אליה'ס זײַט) איז האָמש דער טאַטע צופרידען?

מנוחה (שטעהט די הענד הינטער די זײַטען).

— זיצט, גאָלדעשו, וועט איהר עפּיס זאָגען גוטס? (ווינקט צו אליה'ן).

גאָלדע.

— איהר באַקט בולקעס, מסתמא, שוין אויף שבת, מסתמא.

אליה.

— גאָט איז מיט אייך, ווי קומט עס, אויף שבת? היינט איז דאָך נאָך ערשט דינסטאָג.

גאָלדע.

— ס'וואונדערט מיר טאַקי דאַריבער.

(שטיל).

מנוחה (מיט אַ שמייכעל).

— האָט איהר דאָך, מסתמא, געהערט אין שטאָדט?

גאָלדע.

— וועמעס מזל ס'איז ווערטה ביי גאָט.

מנוחה (עפענט דעם אויווען).

— גאָלדעשו, איהר ווינשט דאָך מיר קיין בעז נישט. — זייט זשע מוחל.



גאָלדע.

— זאָל עס מיר שוין גאָט ווינשען, וואָס כ'זעה אויף אייך, (קוקט נייגעריג אין אויווען) קיין עין־הרע! קיין בעז אויג! יעדער בולקע ווי די ליכטיגע זונן...

אליה.

— פערמאַך, פערמאַך; קיהלסט אוים דעם אויווען.

גאָלדע.

כ'מיין מנוחה'שו, זיי זענען שוין פאַרטיג.

מנוחה (עסקט זיך מיט דער לאָפּעטע אין אויווען).

— פרעגט איהר גאָר נישט גאָלדעשו, וואָס כ'באַק עפּיס בולקעס אין מיטען העלען מיטוואָך?

גאָלדע.

— דער גוטער יאָהר ווייסט אייך, אַז איהר דערצעהלט נישט, נאָך וואָס זאָל איך פרעגען? אָפּשר פאַר אייער פלימעניצע? מע זאָגט איהר שיקט זי אָפּ צוריק אַ היים.

מנוחה (מיט פערדראָס).

— מענשען האָבען צינגער. הערסט, אליה? מען רעדט שוין גאָט בעוואָהר, גאָלדעשו.

אליה.

— וואָס האָסטו מורא צו דערצעהלען.

גאָלדע.

— איך שלאָג זיך גאָר נישט אָן, גלאַט עפּיס — אַ צו גרויסער רויך געגאַנגען היינט פון אייער קוימען, געמיינט די סאָושע זיך פערקלייעט, (יואַל'ס געזאַנג).

מנוחה (בעוויזט צו יואַל'ס זייט).

— אָט פאַר וועמעס וועגען. צוליעב וועמען די מאַמע פערמאַכט נישט קיין אויג ביי נאַכט.

גאָלדע.

— וואָלט דער וואָס אין הימעל יעדע מאַמע בענטשען מיט אַזאַ אוצר, ווייסט איהר דען וואָס איהר פערמאָגט? ווייסט איהר דען וואָס די שטאָט רעדט?

מנוחה.

— פון דעסטוועגען, אַ מאַמעס האַרץ איז שטענדיג אין וואונדען. ס'שרעקט מיך פאַר מיין איינעגעם גליק, טראַכט איך מיר: מע דאַרף דאָך מיט עפּיס פערדינען ביי גאָט.

אליה.

— שאַ, זי האָט זיך שוין צופלאַפּעלט.

מנוחה.

— ער איז אפילו גערעכט, נאָר אַ יודענע איז שוין אַזוי, אַ האַרץ הויבט אַמאָל אָן צו נאָגען און ווייסט אַליין נישט פאַר וואָס; ווייסט אַליין נישט פאַר וואָס זיך צו כאַפּען. זאָג איך צו איהם:



לאָמיר אָפּבאַקען אַ ביסעל בולקעס און צוטיילען, ס'איז דאָך פאַרהאַן וועמען, ברוך השם צו געבען — זאָל גאָט נישט שטראָפען פאַר די רייד.

אליה.

— האָט מען דאָך דיר געזאָגט: ווילסטו וואָס טהון — זאָל קיינער נישט וויסען!

מנוחה.

— האָסט דאָך מיר אַליין געהייסען, און פאַר גאָלדען בעדאַרף איך דען סודות האַלטען?

גאָלדע (צוטומעלט).

— איך בין נאָר געקומען פרעגען: אפשר וועט רבי אליה איבערנעהמען מיין מאַנס שבת'דיגען קאַפּטען... כ'וואָלט געוועזט וויסען...

מנוחה.

— אַך, וואָס רעדט איהר? וואָס רעדט איהר...

(שטיל).

אליה.

— ווּה ס'זאָל דאָרט נישט צוגעברענט ווערען אין אויווען.

גאָלדע.

— איך גיה שוין אוועק. וועט עס רבי אליה קענען מאַכען אויף שבת?

אליה.

— כ'וועל קענען, כ'וועל קענען. איהר וועט אזוי גוט זיין ברענגען פאַר נאַכט צו.

גאָלדע.

(שפּירט זיך עפּיס נישט בעקוועם, דרעהט זיך, קוקט זיך ארום און געהט ארויס גאָר נישט װאָגעדיג).

מנוחה (מיט פערדראַבט).

— האָט אפילו „אַ גוטען טאָג" נישט געזאָגט.

אליה.

— זאָג מיר, וואָס האָט זי דאָ געוואָלט? גערעדט, געבעבעט און געקוקט... אויסגעשמעקט, וואָס האָט זי געוואָלט?

מנוחה.

— זאָל איך אזוי וויסען פון שלעכטס, ווי כ'ווייס וואָס זי האָט דאָ געוואָלט, אַ רויך — זאָגט זי, האָט זי אַ צו גרויסען געזעהן בעהענדיג פון אונזער קוימען.

אליה.

— איז עס איהר דאגה?

(שטיל).

מנוחה.

— האָט זי זיך אפשר דערוואוסט פון חוה'ן?



אליה.

— דער גוטער יאָהר ווייסט וואָס זי האָט געוואָלט, אפשר טאַקי חוה? זי האָט עפּיס גערעדט מיט איהר. זעה, ווי ס'האָט זיך שוין צוטראָגען איבער'ן שטאָדט, ווער האָט זי געטריבען ווער? כ'מיין טאַקי אין אמת'ן — זי איז געווען אַ קליינע, האָט נישט געהאַט ביי וועמען צו זיין, איז עפּיס אנדערש געווען, זאָל איך זי אפשר חתונה מאַכען? אַ קשיא אויף אַ מעשה — אפשר מיינט זי טאַקי יואל'ן... ס'פעהלט מיר נאָך מעהר נישט.

מנוחה.

— זי וואָלט איהם געוואָלט — פאַר וואָס נישט?...

אליה.

— טפשה! רעד עס גאָר פון דיין מויל נישט ארויס, דערמאַן עס נישט, כ'וויל עס פון דיר נישט הערען.

מנוחה.

— וואָס האָב איך דען געזאָגט?

אליה.

— וואָס דו האָסט געזאָגט איז איבריג. אָט נעהם ארויס די בולקעס פון אויווען און צוטראָג עס גלייך וואו מע בעדאַרף.

מנוחה.

— אין גאַנצען?

אליה.

— פאַר וואָס דאַרפסטו דען לאָזען ?

מנוחה.

— אָפשר חוה'ן מיטצוגעבען, אויב זי פאָהרט —

אליה.

— לאָז מיך צורוה !

מנוחה.

— זעה, וואָס ביזטו אַזוי אויפגעבראַכט ? (זי נעהמט אַרויס פון אויוועז בולקעס) זעה נאָר, אליה, צי מיר האָט זיך אויסגעדרוכט ? אין אויווען זענען זיי געוועזען שענער, זאָלסטו געזונד זיין, אליה, זענען נישט עפּיס ווי קלענער געוואָרען ?

אליה.

— מאַך קיין שהיות נישט, טראָג עס שוין אַוועק און צוטייל ווי מען האָט געהערט.

מנוחה (גאָר אָבהענגדיג).

— מיר קלעפען זיך עפּיס נישט די הענד.

אליה.

— האָסטו זי נישט געדאַרפט אַריינלאָזען, (ער נעהמט צו ביי איהר די לאָפּעטע, נעהמט אַרויס איינציגוויז די בולקעס פון אויווען, בלאָזט זיי, ווישט זיי אָרום און לעגט זיי אין אַקערבעל אַריין.



מנוחה (ווישט איבער יעדע בולקע מיט'ן שירץ).

— ווי די זונן בעווייזט זיך מיר אויף אַ ווייַלע — לויפט באַלד דורך אַ שאָטען אין מיין שטוב, (יואל'ס טרויעריגער גמרא-ניגון צוקיקעלט זיך איבער'ן שטוב, זיי הערען זיך אַ ווייַלע איין).

אליה.

— טראָג איהם אַריין אַ פרישע בולקע.

מנוחה.

— זאָל ער בעסער גאָר נישט וויסען וואָס ביי אונז טהוט זיך, כ'וועל נאָר אַ פּאַטשטייַלע כאַפּען אויפ'ן קאָפּ און צוטראָג שוין, און טאָמער קומט חוה ?

אליה.

— דאָס וועל איך שוין אַליין, האָב קיין מורא נישט.

מנוחה.

— און דו פערגעס גאָר נישט אַז דו האָסט צו טהון מיט אַ קיילעכדיגע יתומה, דאָס איינציגע וואָס איז מיר פון מיין שוועסטער געבליבען.

אליה.

— ביזט אַ בהמה ! וואָס מיינסטו, וועל איך מיט איהר טהון ? כ'וועל זאָגען, ביי אונז איז ענג און גאָר נישט.

מנוחה (ווישט די טרערען).

— געדענקושע... און אָפשר זאָלסטו איהר גאָר נישט זאָגען, אָפשר דוכט זיך דיר נאָר אויס, ס'קען דאָך אויך זיין, (זי רעקט אַריבער

דאָס קערבעל מיט אַ טוך און געהט אַרויס. אין טהיר) גערענקישע אליה, הערסט? (פערשווינדט).

אליה.

(ער קוקט איהר נאָך אין פענסטער, פערגנב'ט זיך אויף די שפּיצען פינגער צו יואל'ס טהיר און הערט זיך צו זיין לערנען, אַ זיסע צופרידענקייט צוגיסט זיך איבער זיין פנים. פלוצלונג, ווי ער וואָלט זיך אָן עפּיס דערמאַהנען — איילט ער אויף דער גאַס אַרויס און קומט גלייך צוריק, רעדט צו זיך אַליין „אַ שאָד ניט אָנ־געזאָגט, ניט ווערען אין שטוב צו לאָזען", ער נעהמט זיך צו זיין אַרבייט נאָר ער וואַרפט יעדער ווײַלע אַוועק און קוקט אין פענסטער).

יואל.

(ער געהט אַרויס פון זיין צימער, פּיהמעל אַרויסגערוקט, שטאַרק פערטראָגען, קוקט זיך אַרום, ווי ער וואָלט אימעצען זוכען,

אליה.

— דו זוכסט עפּיס?

יואל (ער געהט צו צו אליה'ן).

— וואָס נעהסטו אַזוינס, טאַטע?

אליה.

— אַ וואונדער, דו זאָלסט פרעגען.

יואל.

— איז עס אַ וואונדער?



אליה.

— אָט, אַ דאגה האָסטו, סיערמיענעס נעהט דיין טאַטע, ס'וועט שוין בלייבען פאַר דיין טאַטען אַליין. בעסער דערצעהל מיר עפּיס פון דעם וואָס אין די הייליגע ספרים איז געשריבען, פון דעם וואָס דו רעדסט מיט'ן רב.

יואל (צושטרייט).

— אַ פּלפּול מיינסטו?

אליה.

— דאָס איז דאָך געוויס ניט פאַר דיין טאַטען צו בענעהמען. עפּיס פון דעם וואָס מגידים זאָגען פאַר'ן פּראָסטען עולם.

יואל (בעגייסטערט).

— הימעל און ערד האָט גאָט בעשאַפען, זענען זיי אָבער ווייט איינער פון אַנדערן, בענקען זיי איינער צום אַנדערן און קענען זיך קיין מאָל ניט דערנעהנטערן, טהוען זיי ביידע תפלה פאַר גאָט ער זאָל זיי בעווייזען אַ וואונדער און הימעל מיט ערד צוזאַמענברענגען. האָט גאָט די מענשען בעשאַפען, זיי זאָלען אויף דער ערד אַרומגעהן און שטענדיג צום הימעל ווענדען זייערע אויגען, צום הימעל די הענד אויסברייטען און צום הימעל זייערע תפלות שיקען און דורך די תפלות ווערט די ערד מיט די הימלען אין איינעם פערקניפּט.

אליה.

(ער בלייבט זיצען מיט דער נאָדעל אין דער האַנד, דער קאָפּ אַראָבגעלאָזען).

— אַ שאָר, וואָס די מאַמע איז נישטאָ, זי וואָלט עס גאָר נט בענומען.

יואל (גיט קוקענדיג צו אליה׳ן).

— און וואו איז חוה?

אליה.

— חוה... די מאַמע האָט איהר געזאָגט, אַז בײַ אונז איז אַ ביסעל ענג.

יואל.

— איז בײַ אונז קנאַפּ אָרט פאַרהאַנען? כ׳וועל פאַר איהר אָפּטרעטען מײַן געלעגער.

אליה.

— אָט מיש זיך נישט אין אַזוינע זאַכען, מײַן קינד.

יואל.

— איז זי שוין אַוועקגעפאָהרען? (ער גיהט אום אויף און אָב).

אליה.

— זי וועט אַוועקפאָהרען, זאָל זי זיך פאָהרען געזונדטערהײַד.

יואל.

— נאָך הײַנט וועט זי אַוועקפאָהרען?

אליה.

— מען ווײסט נאָך נישט. (שטיל).



יואל (זעצט זיך נעבען אליה׳ן).

— וואָס וואָלסטו געטהון דעמאָלט, טאַטע, אַז די הימלען זאָלען זיך דיר אַראָבלאָזען אויפ׳ן רעכטען קאָפּ און די ערד אונטער דײַנע פיס זאָל אַליין זינקען טיעפער?

אליה.

— איך בעדאַרף גאָר נישט טראַכטען פון אַזוינע זאַכען וואָס זענען בײַ גאָט אין די הענד. (ביידע שווײַגען).

יואל.

— צוויי וועגען זענען פאַרהאַן: איינער אַ שמאָלער און דער אַנדערער אַ ברייטער; פאַר דיר, טאַטע, איז דער ברייטער און פאַר מיר דער שמאָלער.

אליה.

— עך, וואָס ווײסט דײַן טאַטע? דײַן טאַטע נעהט סיערמיעגעס, וואָס רעדסטו מיט איהם אַזוינע ווערטער. (שטיל).

יואל.

— ווײסט נישט טאַטע וואו חוה האָט זיך געהאָרעוועט די גאַנצע צײַט?

אליה (שווײַגט).

יואל.

— כ׳מײן מען האָט איהר געדאַרפט (פערהאַקט זיך) ווײסט טאַטע וואָס כ׳וויל דיר נאָך דערצעהלען?

## אליה.

— דערצעהל אזוינס, וואס זאל זיין דיין טאטען גרינג אין גן־עדן, עפיס פון דעם וואס ס'טהוט זיך אויף יענער וועלט. דארט, אין יענע ווינקעלעך. וואס זאגסטו? נישטא דארט קיין פויערים מיט סיערמיעגעס, נישטא קיין שניידערס מיט נאדלען אין די לאצען, (פלוצלונג) וועסט דאך מסתמא פון שטוב נישט ארויסגעהן? כ'וועל נאר א לויף טהון דער מאמען וואס זאגען. אויב דו וועסט לערנען זאלסטו דיין טהיר לאזען אפען, און טאטער קומט ווער זאלסטו זאגען אז מען קומט באלד.

## יואל.

(ענטפערט נישט, ער געהט אריין צו זיך און פערמאכט די טהיר).

## אליה.

(ס'איז צו מערקען זיין אונרוהיגקייט, ער טהוט אן זיין קאפטען געהט שטיל צו יואל'ס טהיר און עפענט זי פארזיכטיג).

— זאל זיין אפען ביז כ'וועל קומען. טאטער פרעגט ווער זאלסטו זאגען מען קומט גלייך. (געהט ארויס).

## יואל.

(ער הויבט אן זינגען מיט גרויס חשק ביי דער גמרא, זיין געזאנג צוגיסט זיך איבער'ן גאנצען שטוב. דאס געזאנג רייסט זיך פלוצלונג איבער. ער גיט א ציטער, ווי אימעצער וואלט איהם הינטען ארום איבערגעשראקען. ער געהט ארויס אין דעם פאדערשטען צימער, בלייבט שטעהן אין מיטען שטוב פערקלערט, ער הויבט אן צו רעדען, פונקט ווי נעבען איהם זאל שטעהן א צווייטע פערזאן).

— ווער האט דיך געבראכט אהער צו מאכען מיך פאראיהרען



פון דעם גלייכען וועג? זיץ איך מיר אונטער א בוים, וואס שיקט אויף אלע זייטען זיינע גרינע בלעטערדיגע צווייגען; פערשטעלען די צווייגען דעם ריינעם הימעל פון מיר; פערשטעלען זיי די ליכטיגע זונן פון מיר. קומט א האנד פון אויבען געשיקט, נעהמט פונאנדער די געדיכטע צווייגען, הויב איך אויף מיין קאפ און זעה: דער הימעל — און ער איז בלאה און ציהט זיך אויס ווי א בעטדעל איבער מיין קאפ, זעה איך די זונן — זי שווימט מיט גבורה אין דעם הימעל, און דאס איז אלץ וויים פון מיר... און דאס איז אלץ וויים פון מיר. (ער קוקט אין פענסטער מיט טיעף פערבענקענדע אויגען).

## חוה.

(קומט אריין, זי איז בלאס, די אויגען פערוויינט, זי בלייבט שטעהן נעבען טהיר די אויגען צו דער ערד געזונקען).

## יואל.

(ס'איז צו מערקען א שוידער געהט דורך זיין לייב. ער קעהרט זיך אב מיט'ן פלייצע צו חוה'ן, מאכט איניגע טריט פאראויס צו זיין חדר און בלייבט שטעהן דעם קאפ אראבגעלאזען).

חוה (רעדט שטיל, ניט אויפהויבענדיג די אויגען).

— מאכסטו געוועכט דיין טאטען מיט דיין מאמען?

יואל (שווייגט אונבעוועגליך).

חוה (איהר שטימע ציטערט).

— זיי טרייבען מיך ארויס פון שטוב. זיי ווילען נישט, דו זאלסט מיך זעהן. (שטיל) יואל, אויב דו ווילסט די תורה לערנען טא לערען זי

נאר בעט ביי דיין טאטען און דיין מאמען זיי זאלען מיר לאזען זיין ביי איך אין שטוב, איך זאל נישט דארפען שטעהן הינטערן פענסטער. (שווייגט) כ'האב זיך דערוואוסט, דער רב וויל דיך פערקנס'ען מיט זיין טאכטער. דו ווילסט נישט.

יואל.

— לערנען וויל איך, לערנען וויל איך.

חוה.

— כ'האב געוואוסט, אז דו ווילסט תורה לערנען, דעריבער בין איך אזוי לאנג צו איך נישט געקומען, אבער...

יואל.

(געהט שנעל אריין צו זיך אין צימער. צושאקעלט זיך איבער דער גמרא ארויסגעבענדיג קולות, וועלכע ווענען מעהר עהנליך צו אנגעשריי'ען פאר טיפען וועהטאג איידער צו א ניגון פון דער גמרא).

חוה.

(אין צולאזט איהרע דונקעלע, לאנגע האר. שפארט זיך אן ביים זייט פון יואל'ס טהיר און הערט זיך צו צו זיין געזאנג).

יואל.

— די מאמע וועט באלד קומען.

חוה.

— לערען, לערען די תורה און איך וועל נאר צוהערען צו דיין שטימע.



יואל.

— וואס גיט דיר מיין קול?

חוה.

— דאס גאנצע לעבען גיט מיר דיין קול וואס קלינגט ביים לערנען די תורה... ווען כ'בין נאך א קליין קינד געוועזן האב איך זיך צו דיר געצויגען. געדענקסט ווי מיר האבען ביידע געוואקסען... האט מיר אבער דיין מאמע וויים, ווייט אוועקגעשיקט. בין איך אין דער פרעמד געוואקסען און מיט מיר איז דיין לויטערער פנים געוואקסען. אז איך בין גרעסער געווארען האב איך אלץ א וועג געזוכט ווי אזוי צו קומען צו דיר... דו האסט דא די תורה געלערנט און איך האב דארט שטענדיג פאר זיך אליין א ליעד געזונגען, אליין פאר זיך פלעג איך זינגען און מיר האט זיך אויסגעדאכט: דו ווערסט א וויילע שטיל ביי דער גמרא און הערסט זיך צו, און אז איך ווער שטיל קומסטו צו געהן און גלעטסט מיר איבער מיינע האר, קוקסט מיר גלייך אין די אויגען אריין, זאגסט גאר נישט און איך פערשטעה שוין, דאס ווילסטו כ'זאל ווידער זינגען... זינג איך ווידער (זינגט בעגייסטערט).

וואקסט א-בלום אין גרי-נעם גאר-טען,
וואקסט און ווייסט נישט ווער זי איז;
זינגט א פוי-געל אין די צווייַ-גען
קלינגט זיין קול איהר האנ-ניג זיס...

וואו-זשע בינזטו פוי-געל ליעבער?
בוי דיין נעסט אויס טיעף און ברייט —
צו דיר מיין ליעבער...

יואֵל.

(רײַסט איבער דאָס געזאַנג, שרײַט אויס שמערצענהאַפט).

— אויב דו וועסט נישט שווײַגען ויעל איך באַלד אָנהויבען שרײַען ביז מענשען וועלען אָנלויפען!... (ער געהט אַרוים אין דעם פאָדער־צימער פאַרבײַ הוה'ן, געהט אויף און אָפּ, וואַרטענדיג זיך ביז זײַנע געפיהלען).

חוה.

— און אַז מענשען וועלען זיך צוזאַמענלויפען וועל איך צו זיי זאָגען: אָט איז מײַן חתן און מײַן געליעבטער, ברענגט די חופה אַהער, טהוט מיר אַ שלייער אָן, זאָל אונז די גאַנצע שטאָדט צו דער חופה פיהרען.

יואֵל (ער ציטערט).

— ווען דו ביזט אַ קלײַן קינד געוועזען און בײַ אונז אין שטוב געוואַקסען, האָב איך געמײַנט דו ביזט מײַנע אַ שוועסטער, איצטער דערקען איך דיך נישט. איך וויל דו זאָלסט זײַן חוה... מײַנע אַ קלײנע שוועסטער... ווי דעמאָלט, אַ שוועסטער.

חוה.

(זי ציהט זיך צו איהם, בלײַבענדיג זיצען אויף איהר אָרט. דאָס געזיכט דריקט אויס טיעפע לײַדען, שעפּטשע.)

— וואַקסט און ווייסט נישט ווער זי איז...

יואֵל.

— וואו בין איך? צי איז עס מײַן טאַטען'ס שטוב? צי איז עס מײַן הײם? (העכער) וואָס האָבען מיר געלערענט? ווי האָבען מיר געלערענט? אַ בוים אַז ער וואַקסט בײַם זײַט וועג און דו געהסט אין



מיטען וועג — נישט קעהר דײַנע אויגען אין אַ זײַט — נישט זאָג: ווי שעהן איז דער בוים! ווי פײַן איז דער בוים! וועה צו דעם וואָס קערט אָפּ אויף אַ רגע זײַן הארץ... וועה, וועה — —

חוה.

(שטעהט הינטער איהם, מיט אײַנגעהאַלטענער אויפרעגונג).

— יואֵל, כ'וויל דײַן שוועסטער זײַן. יואֵל, פערטרײַב פון זיך נישט דײַן עלענדע שוועסטער, זי קאָן אָהן דיך נישט לעבען. האָב איך מײַן טאַטען פערלאָרען, מײַן מאַמען פערלאָרען — טרײַב מיך דו נישט פון זיך. איך ווייס נישט וואָס אין דער הייליגער תורה שטעהט. צי דען איז דאָרט געשריבען, אַז אויב אַ עלענדע שוועסטער גאַרט צו איהר ברודער, שטאַרבט פאַר איהם, זאָל ער זי פערשטויסען פון זיך? זאָג מיר, שטעהט אין דער הייליגער תורה אַזוי געשריבען — וועל איך פון דיר אַוועקגעהן, וועל איך זיך אויסטהון באָרפיס און אַוועקגעהן ווײַט, ווײַט אין דער וועלט אַרײַן — און וועל אין דער שטיל ווײנען — און קײנעם, קײנעם וועל איך נישט זאָגען וואוהין איך געה און וואָס איז מײַן געוויין. כ'וועל אַלעמען דערציהלען, אַז כ'האָב אַ מאָל אַ מאַמען געהאַט איז זי יונג געשטאָרבען, ווען כ'בין נאָך אַ קינד געוועזען, קײַן שכל נישט געהאַט צו ווײנען, איצטער בין איך אויסגעוואַקסען און האָב דערפיהלט אַז אַ עלענדע יתומה בין איך, אָהן אַ הײם און אָהן אַ מאַמען. (ערנאָהענטערט זיך צו איהם) יואֵל, זאָל איך דײַן הײם פערלאָזען? זאָל איך פון שטוב אַרויסגעהן? זאָל איך? טאָ לאָז מיר חאָטש ביז נאַכט וואַרטען, ווען ס'וועט פינסטער ווערען, קײנער זאָל נישט זעהן ווען כ'וועל פון שטאָדט אַרויסגעהן, קײנער זאָל נישט זעהן וואוהין מײַן וועג וועט מיך פערפיהרען.

יואל.

(ער וועגדט זיך צו איהר, ער ווערגט זיך מיט די ווערטער, זיין פנים דריקט אוים רחמים).

— חוה, חוה... וויין נישט, וויין נישט...

חוה (נעהמט צארט ארום זיין קאפ, ער וועהרט זיך נישט).

— נאר ביז נאכט זאלסטו מיר לאזען דא פערבלייבען, נאר ביז נאכט. כ'וועל פון שטאדט ארויסגעהן, קיינער זאל נישט וויסען וואו מיין געביין איז אהין געקומען...

יואל (אויטאמאטיש).

— בלייב ביי אונז, מיין געלעגנער וועל איך דיר אבטרעטען. אליין וועל איך זיך אין בית־המדרש בעהאלטען.

חוה (זי קושט זיין קאפ דורשטיג און שטיל).

יואל.

(ער ציטערט, ציהט זיך שטערצענהאפט צו זיין ציטער, שעפטשעט)

— חוה, די גמרא וויינט... די תורה וויינט... לאז מיר, חוה...

חוה.

— כ'בין ביי אייך אין שטוב געוואקסען... געבען דיר געוואקסען... א קליין קינד געוועזן...

יואל (שטיל און שווער).

— פון וואנען ביזטו געקומען? פון וואנען ביזטו געקומען...



חוה (זי אומארעמט איהם).

— איך ווייס נישט... איך ווייס נישט... מיר האט זיך געדוכט, איך וואקס ערגעץ אליין אין א טיעפען טהאל און קיין וועג פון איהם ארויסצוגעהן איז נישטא, און פויגעל פליהען דורך, אין דער הויך איבער מיין קאפ זינגענדיג און פערשווינדען, זינגען און פערשווינדען. און א מאל האט זיך דאס זינגען צו מיר פון יענער זייט טהאל געטראגען און כ'האב אהין נישט געקענט דערגרייבען, פערשטעלט געוועזן פון אלע זייטען... האט זיך מיט א מאל דער טהאל אויפגעהויבען און כ'האב דיך דערזעהן — און דיין קול האט עס אזוי שעהן געקלונגען...

יואל (שעפטשעט).

— וואו בין איך?... וואו בין איך?...

חוה.

— כ'ווייס נישט... כ'ווייס נישט... מיר דוכט, איך שטעה אין א גרויסען גריינעם גארטען און פיעל בוימער און בלומען ארום, און דו שטעהסט אין מיטען גארטען און דאס ליכט פון דיין פנים שטראהלט און בעלייכט אלץ ארום, אלץ ארום. (זי קושט זיין קאפ).

יואל (ווי ער וואלט חוה'ן גאר נים שפירען נעבען זיך).

— איז עס דעמאלט דיין געשטאלט געוועזן? איז עס דעמאלט דיין שאטען געוועזן? אין די פינסטערע נעכט — אין דעם אלטען בית־מדרש... כ'בין פאר מיין ליכט געזעסען, אלץ ארום מיט שאטענס בעדעקט, האט זיך פון צווישען ספרים א ליכטיגקייט בעוויזען, בעלויכטען אלץ ארום. און אין מיטען בית מדרש האט זיך דאס געשטאלט בעוויזען, א הייליג געשטאלט וואס האט אלץ ארום בעלויכטען... אז מיין קאפ איז מיעד

אויף דער גמרא געפֿאַלען, די אויגען פֿערמאַכט... דעמאָלט האָט מײַנע ג ליעדער פֿון אַלע זײַטען אַ ליכטיגע װאַרעמקײַט אַרומגענומען, און פֿון אָרון־קודש אַרויס פֿלעגט זיך מיר אַ לויטער געשטאַלט בעװײַזען... אַרויסשײַנען, און אויף דעם האָט די שכינה גערוהט, און אַלע װינקעלעך איז ליכטיג געװאָרען... נאָר בײַ נאַכט איז עס געװען, נאָר װען כ'בין מיעד געװען איז עס געשעהן, נאָר װען כ'פֿלעג... קום, דו הײליגע געשטאַלט! קום פֿון װאַנען דו װילסט; קום פֿון װאַנען דו קענסט, מיר איז װידער פֿינסטער אַרום... איך בין מיעד און מיר איז פֿינסטער, בעװײַז זיך װידער צו מיר — פֿון די הײליגע ספרים אַרויס, פֿון די לויטערע װערטער אַרויס... אָדער כ'װעל מײַנע אויגען פֿעסט פֿער־מאַכען און לויפֿען אין בית המדרש אַרײַן... (ער דערשפּירט חוה'ן, ער װיל זיך בעפֿרײַען פֿון איהר, נאָר ס'זעהט אויס װי ער האָט גאָר זײַנע כוחות פֿערלאָרען).

**ח ו ה** (זיפֿצט טיעף).

— אַך, יואל, יואל... (זי לאָזט זיך אַראָפּ צו זײַנע פֿיס, פֿערדעקט איהר געזיכט מיט איהרע לאַנגע דונקעלע האָר).

**י ו א ל.**

(ער דריקט זיך מיט די הענד זײַן ברוסט, שפּיליעט אָפּ זײַן קאַפּטען, װי איהם װאָלט פֿעהלען לופֿט צום אָטהעמען, אַ שװײַס טרעט איהם אַרויס אויפ'ן שטערן, שעפּטשעט „צוריק, צוריק"... ער לויפֿט צו זיך אין צימער אַרײַן, ער בעהאַלט זײַן קאָפּ אין דער אָפֿענער גמרא. ס'איז צו מערקען װי זײַן גאַנצער קערפּער שװידערט. אַ שװערע, דריקענדע שטילקײַט).

**ח ו ה.**

(זי גלײַבט זיך לאַנגזאַם אויס איהר געזיכט, פֿערדעקט מיט איהרע הענד, זי געהט שטיל אַרויס פֿון שטוב).



**י ו א ל.**

(הויבט אויף זײַן קאָפּ, בריעט אויס זײַנע הענד, װי ער װאָלט בײַ אימעצען בעטען רחמים, ער געהט אַרויס אין דעם פֿאָדער־צימער, שטאַרק בלאַס און מיעד, קוקט פֿערװאונדערט צום אָרט װאו חוה איז געזעסען, אַ לאַנגע צײַט אונבעװעגליך, רעדט לאַנגזאַם, פֿערקלערט, זײַן קול ציטערט, שװאַך).

— װאו איז דאָס ליכט?... װאו איז דאָס ליכט?... (בלײַבט אין זײַן פֿריהערדיגע פּאָזע).

**א ל י ה.**

(קומט אַרײַן פֿרעהליך. מערקענדיג יואל'ן טרעט ער אָפּ אין אַ זײַט מיט גרויס דרך ארץ, שטעהט אַ װײַלע אין אַ זײַט קוקט מיט פֿאָרכט צו יואל'ן ניט רעדענדיג קײַן װאָרט. ער זעצט זיך שטיל צו זײַן טיש, פּרובט זיך פֿערגעהמען מיט זײַן אַרבײַט).

**י ו א ל.**

(געהט לאַנגזאַם צו אליה'ן, ניט אויפֿהויבענדיג די אויגען, פֿאַלט אליה'ן אויפ'ן אַקסעל װי אַ קלײַן קינד, רעדט מיט אַ ג'אײַנ־געהאַלטענער שטימע).

— העלף דײַן קינד, ס'האָט דעם װעג פֿערלאָרען.

**א ל י ה** (פֿערװאונדערט).

— ביזט געװנג פֿרום, פֿרימער פֿון דײַן טאַטען.

**י ו א ל.**

— בעט רחמים פֿאַר דײַן קינד ס'זאָל צוריק דעם װעג געפֿינען...

אליה.

— וואָס קען וויסען אַ שניידער וואָס נעהט סיערמיעגעס...

יואל.

— רייס פון מיר מיינע קליידער אראָפּ, כ'האָב קיין כח נישט...

אליה (שוין דערשראָקען).

— דיין טאַטע איז אַנ'עם־הארץ... ער ווייסט נישט...

יואל.

— צורייס מיינע קליידער אויף מיר... דאָס געשטאַלט איז פערשוואונדען... דאָס הייליגע געשטאַלט... (וויינט קינדעריש אויף אליה'ס הארצען).

אליה (קוקט צו איהם פערלאָרען).

(פאָרהאַנג).





# דריטער אַקט.

אַ קליינער בית המדרש. שפּעט ביי־נאַכט, רעכט, אין מזרח וואַנד; אַנ'אָרון קודש מיט טרעפּלעך אַרויפצוגעהן צו איהם, אַנ'עמוד אין וועלכען ס'ברענט אַ גרויסע געלע יאָהרצייט ליכט, נעבען איהר דערברענען אַ פּאָר קלענערע ליכט. אין מיטען בית המדרש אַ בימה. ביי די וואַנד טישען לאַנגע, איבער זיי הענגען לאָמפּען אויף שטריקלעך, נעבען די טישען־בענק. אין מזרח־שטענדערס. אין דער מזרח וואַנד פון ביידע זייטען אָרון קודש צו צוויי פענסטער, אין דעם הינטערגרונד־דריי פענסטער. לינקס אַ טהיר אויף דער גאַס, נעבען טהיר אַ האַנד־פאַס, פון ביידע זייטען טהיר הויכע אויווענס. אויבען, איבער דער טהיר ציהט זיך אַ פערמאַכטער באַלקאָן מיט גראַטעס — אַ ווייבערשע שול, דער באַלקאָן פערנעמט אַ טייל פון דער הינטערגרונד־וואַנד העכער, איבער די פענסטער. די פענסטערלעך פון ווייבער־שול זענען פערהאַנגען מיט רויטע, ווייסע פאָרהענגלעך. ס'איז גאַנץ שטיל, דער בית־מדרש איז אין שאָטען איינגעהילט, ס'הערט זיך דאָס מאָנאָטאָנע, בעוואַכטע טיקען פון דעם גרויסען שאַפּקע זייגער, וועלכער שלאָגט שפּעטער אַ ביסעל, מיט אַ הייזעריגען קלאַנג — עלף, ערגעץ וואו גרילצט אַרוים אַ גריל פון אַ שפּאַלט אַרוים און ווערט ווידער שטיל. פון האַנד־פאַס טריפּט אָהן אויפהער דאָס וואַסער, וועלכעס טריפּט און קלינגט אָפּ אין דעם פוסטען בית מדרש. אויפ'ן באַנק אויף דער בימה שלאָפט דער אַלטער אונטער־שמש אין אַ קנויל איינגעדרעהט. אויבען, אויפ'ן ווייבער־שול הערט זיך אַ געראַוש פון אַ טהיר עפענען און שפּעטער אַ ביסעל טריט.

אליה.

— וואָס קען וויסען אַ שניידער וואָס נעהט סיערמיענעם...

יואל.

— רייס פון מיר מיינע קליידער אראָפּ, כ'האָב קיין כח ניט...

אליה (שוין דערשראָקען).

— דיין טאַטע איז אַנ'עם-הארץ... ער ווייסט ניט...

יואל.

— צוריים מיינע קליידער אויף מיר... דאָס געשטאַלט איז פערשוואונדען... דאָס היילינע געשטאַלט... (וויינט קינדערש אויף אליה'ם הארצען).

אליה (קוקט צו איהם פערלאָרען).

(פאָרהאַנג).





# דריטער אַקט.

אַ קליינער בית המדרש. שפּעט ביי-נאַכט, רעכט, אין מזרח וואַנד, אַנ'אָרון קודש מיט טרעפּלעך אַרויפצוגעהן צו איהם, אַנ'עמוד אין וועלכען ס'ברענט אַ גרויסע געלע יאָהרצייט ליכט, נעבען איהר דערברענען אַ פּאָר קלענערע ליכט. אין מיטען בית המדרש אַ בימה. ביי די וואַנד טישען לאַנגע, איבער זיי הענגען לאָמפּען אויף שטריקלעך, נעבען די טישען-בענק. אין מזרח-שטענדערס. אין דער מזרח וואַנד פון ביידע זייטען אָרון קודש צו צוויי פענסטער, אין דעם הינטערגרונד-דריי פענסטער. לינקס אַ טהיר אויף דער גאַס, נעבען טהיר אַ האַנד-פאַס, פון ביידע זייטען טהיר הויכע אויוועגס. אויבען, איבער דער טהיר ציהט זיך אַ פערמאַכטער באַלקאָן מיט גראַטעס — אַ ווייבערשע שול. דער באַלקאָן פערנעמט אַ טייל פון דער הינטערגרונד-וואַנד העכער, איבער די פענסטער. די פענסטערלעך פון ווייבער-שול זענען פערהאַנגען מיט רויטע, ווייסע פאָרהענגלעך. ס'איז גאַנץ שטיל, דער בית-מדרש איז אין שאָטען איינגעהילט, ס'הערט זיך דאָס מאָנאָטאָנע, בעזאַכטע טיקען פון דעם גרויסען שאַפּקע זייגער, וועלכער שלאָגט שפּעטער אַ ביסעל, מיט אַ הייזעריגען קלאַנג — עלף. ערגעץ וואו גרילצט אַרוים אַ גריל פון אַ שפּאַלט אַרוים און ווערט ווידער שטיל. פון האַנד-פאַס טריפט אָהן אויפהער דאָס וואַסער, וועלכעס טריפט און קלינגט אָפּ אין דעם פוסטען בית מדרש. אויפ'ן באַנק אויף דער בימה שלאָפט דער אַלטער אונטער-שמש אין אַ קנויל איינגעדרעהט. אויבען, אויפ'ן ווייבער-שול הערט זיך אַ גערויש פון אַ טהיר עפענען און שפּעטער אַ ביסעל טריט.

חוה.

(זי בעווייזט זיך אין אפענסטערל פון ווייבער־שול אין דער הינטערגרונד וואַנד. פון דער דונקעלהייט טיילט זיך אַרויס איהר בלאַס געזיכט, די האָר צולאָזען. זי בייגט זיך אַרויס אויפ'ן בית מדרש און איהרע אויגען, בענקנדיש=פולע, זוכען נייגעריג אויף אַלע זייטען. זי זינגט זאַנפט, מיט אַ ציטערנדע שטימע):

עס וואַקסט אַ בלום אין גרינעם גאָרטען
וואַקסט און ווייסט ניט ווער זי איז;
זינגט אַ פויגעל אין די צווייגען
קלינגט זיין קול איהר האָניג זיס...

— וואו זשע ביזטו, פויגעל ליעבער? (ביי די לעצטע ווערטער דערהערען זיך טריט און אַ שמועס הינטער דער טהיר. זי ווערט שטיל. אין בית־המדרש קומען אַריין דריי יונגע בחורים: בער'טשע, חיים'טשע און נחום'טשע, געהען אַלע צו דער הינטערגרונד וואַנד).

בער'טשע.

— דער מיטעלסטער פענסטער פון דער צפון וואַנד קומט גלייך אויס אַנטקעגען אסתר'ס פענסטער. (קוקט אין פענסטער).

חיים'טשע.

— ניטאָ יואל. אַזוי וואָלט ער נאָך איצטער געלערנט מיט התמדה.

נחום'טשע.

— אָט, אויפ'ן שטענדער נעבען אָרון קודש ליעגט זיין גמרא, ער האָט נאָך גאָר ניט לאַנג געמוזט זיין דאָ, (פערקוקט אין ספר) ס'גאָר דער רמב"ם.



חיים'טשע.

— גאָר דער רמב"ם... אַ סימן אַז ער איז נאָך דאָ געזעסען פריהער אַ ביסעל; ביי־נאַכט לערנט ער שטענדיג דעם רמב"ם.

נחום'טשע.

— אַ שאָד וואָס כ'האָב איהם ניט געזעהן היינט ווי ער זעהט אויס.

חיים'טשע.

— ער לערנט פוסקים, דער רב וועט איהם געבען סמיכה היינט אויף די תנאים. מע זאָגט, ס'וועלען זיין נאָך רבנים אויף די תנאים, אַלע וועלען איהם פאַרהערען און די סמיכה חתמה'נען.

בער'טשע.

— קומט אַהער, קומט אַהער! אסתר האָט אַרויפגעצויגען דאָס פאָרהאַנגעל פון איהר פענסטער און קוקט אויף דער גאַס אַרויס. (ביי דיזע ווערטער בעווייזט זיך חוה ווידער אויבען, וועהרענד זי בלייבט שוין דאָרט אַזוי, די גאַנצע צייט פון זייער שמועס, צוהערענדיג זיך אָנגעשטרענגט).

חיים'טשע.

— וועמען נאָך זעהסטו? (ער קוקט אין אַ צווייטען פענסטער) אָט איז דער גאַנצער בית־הרב. די טישען פערשפרייט מיט שבת'דיגע טישטוכער, דער רב שפאַצירט אום אונטער'ן האַנד מיט זלמן דעם גבאי. אָט, האָט די רביצין אַוועקגעשטעלט אַ פלעשעל משקה אויפ'ן טיש...

בער'טשע.

— זי קוקט נאָך אַלץ אַרויס, זעה, ווי זי איז בלאַס.

נחום'טשע.

— פון דער לבנה איז זי בלאס, דאס לבנה ליכט איז בלאס.

בער'טשע.

— זעה, זי ווישט די אויגען, (שטיל).

נחום'טשע.

— ווייסט, אז אין בית־המדרש איז ליכטיג קען מען נאך אונז מערקען אז מיר שטעהען אין פענסטער און קוקען, רוק זיך אביסעל אן א זייט.

חיים'טשע.

— די רביצין האט אוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש א טעלער מיט שווארצע לעקאך... האניג־טייגלעך זאל עס זיין. (שטיל).

בער'טשע.

— זעהסט, ווי זי איז אומעדיג...

נחום'טשע.

— האסט גאר נישט גערעדט מיט איהר?

בער'טשע.

— מיט וועמען?

נחום'טשע.

— מיט אסתר'ן. (שטיל).



נחום'טשע.

— אפשר קוקט זי עס דיך אוים?... שעמסט זיך פאר מיר? נאר, פאר מיר האסטו זיך נישט וואס צו בעהאלטען, איך ווייס דאך אלצדינג, פאר מיר מעג מען אלצדינג דערצעהלען.

חיים'טשע.

— די רביצין האלט אין איין דערלאנגען צום טיש.

בער'טשע.

— זעה נאר, ער בעלעקט זיך אזש דארט, ט'באלד די שויבען אויסשלאגען.

נחום'טשע.

— פאלג מיר, נעה ארוים, זיווארט עס אויף דיך, קוקט דיך אוים, פערגנב'ה זיך אזוי ביים וואנד וועסטו ארויסקומען גלייך צו איהר פענסטער.

בער'טשע.

— וואס איז די פעולה, אז איהר פענסטער איז פערמאכט.

חיים'טשע (קומט צו).

— וועסטו שטילערהייד אנקלאפען, וועסט זעהן זי וועט דיר עפענען דעם פענסטער.

בער'טשע.

— האסט דען געהערט פון וואס מיר האבען גערעדט?

חיים׳טשע.

— כ׳וויים אליין, אז איהר פלעגט זיך טרעפען אויפ׳ן וויי‏בער-שול.

בער׳טשע.

— און מעהר ווייסט קיינער ניט?

חיים׳טשע.

— אפשר ווייסט נאך ווער — נאר איך האב קיינעם נישט דער-צעהלט. (איבערראשט) קוקט, זי האט געעפענט דעם פענסטער, פאלג מיר בער׳טשע געה ארויס.

נחום׳טשע.

— פאלג מיר געה ארויס, האב קיין מורא נישט.

בער׳טשע (פערצווייפעלט).

— כ׳וויל איהר גאר נישט זעהן, זי וועט באלד אנהויבען וויינען. ביז נעכטען האט זי נאך גאר נישט געוואוסט, אז מען וויל זי פערקנס׳ען מיט יואל׳ן.

נחום׳טשע.

— זי מוז נישט וועלען, ווייל זיין טאטע איז א שניידער.

חיים׳טשע.

— פאלג זיך, געה ארויס צו איהר, זאג איהר אין דער שטיל, זי זאל נישט וועלען. זי זאל בעטען נאך אויף אפאר וואכען אבלעגען. געה, נאר. (שטופט איהם).



בער׳טשע.

— איהר זאלט דא אויף מיר ווארטען (ער געהט ארויס אויף די שפיצען פינגער).

חיים׳טשע.

— אט, וועלען מיר באלד זעהן ווי ער וועט זיך דורכגנבע׳נען ביים וואנד צום פענסטער, קום. (ווי אוילען אין דער זייט פון ארון-קודש, קוקען אנגעשטרענגט אין די פענסטער געהענדיג פון איין פענסטער צום אנדערן).

חיים׳טשע.

— מיר דוכט, דער רב געהט ארויס, דער רב מיט זלמן דעם גבאי, ער וועט איהם נאך כאפען. (דערשראקען) זיי זענען ארויס-געגאנגען!

נחום׳טשע.

— אט איז ער, מען וועט איהם כאפען... אט, איז ער אנטלאפען געווארען! זעהסט, אסתר האט זיך דערשראקען און אראפ-געשפרונגען פון פענסטער. אוף! ווי זי האט זיך דערשראקען... זי האט נעמווזט געבען א געשריי.

חיים׳טשע.

— ער האט באלד בעדארפט ארויסגעהן, ווי נאר זי האט דעם פארהאנגעל אראפגעצויגען. (ס׳הערט זיך רעדען הינטערין טהיר).

נחום׳טשע.

— דער רב געהט אהער! מיט זלמן דעם גבאי, וואס קענען זיי עפיס געהן אהער? (טרעטען אפ פון פענסטער) אפשר האט מען אונז

נעמערקט קוקענדיג? (דער רב, נאך איהם זלמן גבאי, א רויטער איד מיט א גראהע בארד, קומען אריין).

חיים'טשע.

— קום ארויס צו איהם, זאל ער אין פענסטער אנקלאפען.

דער רב.

— דא איז דער בעסטער ארט, די רבי'צין דארף נאר אזא שמועס נישט הערען... וועגען אזוינע זאכען זאל מען נאר אין בית־מדרש אברעדען. (מערקענדיג די בחורים) ווער לערנט עס נאך אזוי שפעט?

חיים'טשע.

— דאס זענען מיר, רבי, מיר געהען שוין א היים.

דער רב.

חאויל, וואויל, קינדערלעך, מע ווייסט, אז איהר לערנט א סך. מע ווייסט.

זלמן גבאי (ביים עמוד).

— א שענע יאהר־צייט ליכט, רייגער וואקס.

די בחורים (ביידע צוזאמען).

— א גוטע נאכט, רבי (געהען ארויס).

דער רב.

— א גוטע נאכט — א גוטער יאהר! (עפענט אינסטינקטיוו אויף דעם ספר וואס ליגט ביים ארון־קודש אויפ'ן שטענדער). דער רמב"ם; אך, דער



רמב"ם — זאג איך, נאך א יאהר, נאך צוויי, וועט מיט איהם די וועלט אויפזיין, ס'איז נישט קיין קלייניגקייט.

זלמן.

— נויטהען א שטאדט, רבי, קען מען נישט. ס'איז נאך צו פריה. זאל זיך דער רבי לעבען הונדערט און צוואנציג יאהר, שטאדט האלט אייך מיט יראת הכבוד, מיט'ן גרעסטען דרך־ארץ. אז אייערע אני־איידעם וועט בלייבען נאך אייך איבער הונדערט און צוואנציג יאהר און וועט ווערטה זיין צו פערנעהמען אייער שטוהל — וועט דעמאלט קיינער נישט האבען דאגעגען: דער בית־הרב זאל זיך בלייבען ווי געוועזען און דער שטוהל אויך דער איינענער...

רב.

— איהר ווייסט ווער יואל, איז?

זלמן.

— קיין סמיכה האט ער נאך אויך נישט, ווי קען מען עס פערלאנגען פון א שטאדט אז מען זאל איהם שוין ארויסגעבען א כתב? ס'איז שווערלעך.

רב.

— הײַנט צו די תנאים, בלי נדר, הײַנט וויל איך זאלען זיין די תנאים, זאל שטאדט פערהערען. איך וועל איהם סמיכה ארויסגעבען פאר שטאדט — פאר גאנץ שטאדט. הײַנט, וויל איך זאל דער פונדאמענט געלעגט ווערען, מיין שטוהל זאל בענייט ווערען. דאס וועט זיין דער נדן וואס די שטאדט וועט מיין קינד דערלאנגען.

זלמן.

— שטאָרט האָט כרעה במזומנים דעם נדן פאַר אייער טאָכטער צו געבען.

רב.

— נײן: איך... איהר פערשטעהט. אז שמואל הנביא איז געוואָרען „אַ בא־בימים"... איהר פערשטעהט? א בא — בימים... דער כסא ווערט אַלט, מוז מען איהם בעניַיען, ניִשט חלילה אַלײן מײן איך צו טהון... מיט דער דעה פון גאַנץ שטאָרט, כ'וויל חלילה ניִשט קײן מחלוקת... שלום, שלוה... איהר פערשטעהט?

זלמן.

— מען מוז די זאַך גוט בעטראַכטען.

רב.

— איך וועל זאָגען, ווי דער חסיד יסוד עולם: אֶת שור מי לקחתי? האָט אֶפשר, חלילה, שטאָרט טענות אויף מיר? דרײַסיג יאָהר געדיענט, עהרליך, מיט אֶמת געדיענט.

זלמן.

— רבי, איהר דאַרפט עס ניִשט רעדען, איהר טאָרט חלילה קײנעם ניִשט חושד זײַן פאַר אַזױנע כונות. (אין אַ ווײַלע אַרום) ווײסט איהר רבי, טהוט אַלײן אָהן הסכם פון שטאָרט.

רב (פערוואונדערט).

— וואָס הײסט?



זלמן.

— כ'מײן איהר אַלײן זאָלט איהם אַרויסגעבען אַ כתב.

רב.

— כ'פערשטעה עס גאָר ניִשט, און דאָס קהל ה'? און שטאָרט? אַ רודה זאָל איך זײַן? נײן, נײן! ישמרני ה' — זאָל מיך גאָט איינ־היטען!

זלמן.

— כ'מײן, שטאָרט וועט גאָר ניִשט האָבען געגען דעם — אי"ה ער וועט זיך וואַקסען בײַ אײַך אין שטוב. מען וועט פערגעסען אַן זײַן טאַטען דעם שנײַדער...

רב.

(שטאַרק אויפגעבראַכט, מאַכט אַ בעוועגונג מיט דער האַנד).

— ניִשט, ניִשט, ניִשט — דאָס ניִשט: „אַ יגיע כפים", גרעסער ווי אַ למדן. הס־מלהזכיר, כ'קען עס ניִשט הערען, (הויך) איך בין זיך משדך מיט אליה דעם שנײַדער. איך, דער מרא דאתרא.

גבאי (וויל איהם בערוהיגען).

— כ'האָב גאָר ניִשט געמײנט, רבי, חלילה. איך, פערקעהרט, כ'זאָג שטענדיג, ניִשט דער בוים — נאָר די פירות.

דער רב (געהט אום הין און צוריק שטאַרק אויפגערעגט).

— ניִשט ניִשט... כ'האָב נאָר געוואָלט מיַחד זײַן מײַן ווילען צו דעם ווילען וואָס לעבט עביג, נאָר דאָס אַלײן... ניִשט ניִשט... (רעגט זיך).

זלמן (א ביסעל צושראקען).

— כ'וועל גיהן איבערשמועס'ן מיט נאך עטליכע בעלי בתים, אפשר וועט מען בעדארפען שיקען נאך א פאר רבנים.

רב (פערוואונדערט).

— נאך וואס רבנים?

זלמן.

— זיי זאלען זיין ביי די תנאים און אויך שוין ביים פערהערען.

רב (צופריעדען נאר דאך אויפגערעגט).

— דאס יא. פאר מיר א גרויסער כבוד, מסכים, אויך מסכים, רבנים זאלען זיין, זאל די גאנצע וועלט וויסען, זאל מען הערען און שמוינען, הערען און שמוינען! די וועלט וועט מיט איהם קלינגען. דאס יא... הערען און שמוינען...

זלמן.

— זאל מען אפשר אפלעגען ביז מארגען?

רב.

— איך וואלט שטארק געהרן היינט, שטארק בעגעהרן, עפיס א רעיון טרייבט מיר איך זאל עס טהון היינט... אפשר קען מען פון די נאהנטע קהילות נאך א פאר רבנים... נאך היינט?... ס'איז נאך פאר האלבע נאכט. א רעיון שטויסט מיר, כ'זאל דוקא היינט.



זלמן.

וועל איך גיהן איבעררעדען מיט שטאדט, כל זמן דער עולם שלאפט נאך נישט.

דער רב.

— איך וועל גיהן מבשר זיין — דעם מחותן מיינעם, גיהן מבשר זיין.

זלמן.

— כ'וועל אייך אונטערפיהרען, רבי. (געהען ביידע ארויס).

דער אלטער שמש.

(תאפט זיך אויף, קוקט זיך ארום, קראצט זיך דעם קאפ, רעדט צו זיך אליין).

— הא־הא, שטארק איינגעשלאפען, קיין נפש נישטא, (גענעצט, רופט ארונטשלאפענדיג ארום בימה) יואל, הא?... ער שוין אויך נישטא. ווער זשע האט געקענט די לאמפען אויסלעשען? (זינגט מיט א ציטערנדע הייזעריגע אלטע שטימע).

אם אדו־ני לא יב־נה ב־ית
שוא עמ־לו בו־ניו בו;
אם ה' לא ישׁ־מור עיר —
שוא שקד שומ־מר (ער קוקט אויס'ן זייגער און זינגט אונטערקנאקענדיג מיט די פינגער) שוא שקד שום—מר שום—מר... שוין באלד צוועלף דער זייגער... (זוכט עפיס אין עמוד־קעסטעל).

יואל.

(קומט אריין צוטראגען, זיין אויבער־בגד אבגעשפיליעט, ער לאזט זיך גלייך צו זיין ארט, אין ווינקעל נעבען ארון־קודש).

חוה.

(ציטערט אויף מיט איהר גאנצען קערפער, בייגט זיך שיף ארויס דורך דעם פענסטער).

שמש.

— ווער נעהמט? ווער אי? הא, יואל? אויף א גאנצע נאכט מסתמא?...

יואל (שווייגט).

שמש.

— דער וויפיעלטער משמר שוין היינטיגע וואך?

יואל (שווייגט, בלעטערט אויטאמאטיש דעם ספר).

שמש.

— ווארט, מיין קינד, כ'וועל דיר א גוט לעמפעל אנציינדען, (ער ברענגט א לעמפעל פון דעם אנדערן זייט ארון-קודש, ווישט מיט'ן פינגער די גלאז, צינדט עס אן און העגגט עס אויפ'ן וואנד איבער יואל'ן, קוקט יואל'ן אין פנים ארײַן) די תורה, די תורה נעהמט צו די כוחות א־א, די תורה...

יואל (צושטרייט).

— דער רב געווען דא?

שמש.

— כ'קען דיר, מיין קינד, נישט זאגען. מיאוס פערשלאפען.

(שטיל).



שמש.

— צופיעל, מיין קינד, איבער דער מאס, ס'פנים דיינס בלייך... (פערקוקט אין דעם ספר) האווא, האיוא, אנ'ארענטליכער איד דיין טאטע... א רב ווייסט וואס ער טהוט.

יואל (מאכט קלענער דאס פייער פון לעמפעל).

שמש.

— פאר וואס פערלעשסטו דאס פייער?

יואל (קוקט זיך ארום, שטיל).

— איהר זעהט גאר נישט אין בית המדרש?

שמש.

— וואס מיינסטו?

יואל.

— כ'מיין, איהר זעהט גאר נישט?..

שמש.

— וואס זאל איך זעהן? דעם ארון קודש זעה איך; דיך זעה איך.

יואל.

— הייסט עס גאר נישט... (ער זעצט זיך, שפארט אן דעם קאפ אויפ'ן ספר).

שמש.

— דארפסטו אליין נישט בלייבען אויב עס שרעקט דיך, עס

שרעקט דיך, וואס ? (בעקומט קיין ענטפער) בזשטו מיעד, מיין קינד ? בזשטו פערשלעפערט, שפאר זיך צו א ביסעל אויפ'ן בימה און דערנאך וועסטו לערנען ביז טאג.

יואל (ווי פריהער צושטרייט).

— דעם ארון־קודש פערשליסט איהר ?

שמש.

— ניין, וועט דען ווער גנבע'נען, חלילה, די תורות פון ארון־קודש ארויס ? אט, דרעמעל זיך דורך א ביסעל — א גוטע נאכט, מיין קינד, א גוטע נאכט. (געהט צום טהיר).

יואל.

— פערשליסט די טהיר פון דרויסען !

שמש.

— וואס רעדסטו פאר א נארישקייטען ?

יואל.

— כ'וועל סאיי ווי אויף דער גאס נישט ארויסגעהן.

שמש.

— רעדסט נארישקייטען, ווי פערשליסט מען עס א מענשען ?... א גוטע נאכט ! (געהט ארויס)

יואל.

(ער מאכט ווידער גרעסער דאס פייער. ער קוקט זיך ארום, ווי ער וואלט נאך אימעצען שפירען אין בית המדרש).



חוה.

(גאנץ שטיל. מיט א מוטערליבער צערטליכקייט).

— שרעק זיך נישט, יואל ; איך בין נעבען דיר.

יואל.

(ער ברייט אויס זיינע הענד פערוואונדערט, ניט וויסענדיג פון וואנען דער קול געהט. ער דרעהט אינסטינקטיוו אראב דאס פייער אין לעמפעל און בלייבט זיצען פערשטיינערט).

חוה.

— דו לערן, לערן. איך וועל די גאנצע נאכט וואכען איבער דיר.

יואל.

(ער מערקט חוה'ן. בלייבט זיצען אונבעוועגליך איינגעגראבען אין ווינקעל נעבען ארון קדש).

חוה.

— איך בין עס, חוה. אנטלויפסט פון מיר, בעהאלטסט זיך פון מיר. געדענקסט, האסט דאך מיר געהייסען איך זאל בלייבען נעבען דיר. כ'זאל פון דיר נישט אוועקגעהן...

יואל (שטיל).

— חוה...

חוה.

— ביי איך אין שטוב איז מיר פינסטער אהן דיר. ביז דו וועסט מיך נישט אוועקטרייבען וועל איך אלץ זיין נעבען דיר.

יואל.

— וואס ווילסטו פון מיר?

חוה.

— דו שרעקסט זיך אזוי, דו ציטערסט... קיינער איז נישטא, כ'וועל צו דיר אראבגעהן.

יואל.

— חוה... ניין, נישט דו ביזט עס. ניין. ווער האט אין בית המדרש אזוי פינסטער געמאכט? ווער האט אזא לאנגע שווארצע ליכט אנגעצונדען בײם עמוד?

חוה.

— אהער נעהנטער, צו מיר קום. נעהנטער, אהער קום, כ'וועל דיר אין פנים אנזעהן. און דו וועסט מיר זיין נעהנטער, קום צו מיר (זי ציהט איהרע הענד) אזוי נאהנט בין איך פון דיר און דו דערקענסט מיך נישט.

יואל.

(ער פערדעקט זיינע אויגען).

— בלייב דארטען.

חוה.

— איך וועל צו דיר אראבגעהן. איך וועל זיך בײ די טרעפ פון ארון קדש זעצען און דו וועסט לערנען.



יואל.

— בלייב דארטען, בלייב דארטען... ניין, כ'האב מורא אליין דא צו בלייבען. היינט האב איך מורא.

חוה.

— איך געה צו דיר, איך געה צו דיר, כ'וויל וואס גיכער נעבען דיר זיין. (פערשווינדט)

יואל.

— דו וועסט פאלען!

(ניט מערקענדיג חוה'ן הויבט ער זיך אויף און נעהמט מיט שנעלע טריט ארויסגעהן פון בית המדרש, נאר אין יענעם מאמענט לויפט חוה ארײן. ער פאלט מאכט־לאז אין איהרע ארעמס).

חוה.

— יואל, מײן ליעבסטער; יואל מײן שענסטער, וואס שרעקסטו דיך אזוי? וואס דריקט דיך אזוי?

(שטיל).

יואל (ציטערט).

— וואו בין איך?

חוה.

— בײ חוה'ן אויפ'ן האנד. בײ דײן געליעבטער... איך וויל דו זאלסט מיך אזוי ליעב האבען ווי דו האסט ליעב די תורה.

יואל.

— רעד עס נישט.

חוה (זי קושט איהם).

— נאָך איין ווײַלע און איינעם מיט דיר. הײַנט דאַרף בײַ דיר תנאים זײַן מיט אסתר'ל דעם רב'ס, הײַנט. אָט באַלד. לאָז מיר נעבען דיר בלײַבען. שפּעטער וועל איך שוין נישט טאָרען, שפּעטער וועל איך שוין נישט זײַן. וועסטו הערען ווי קליינע קינדער וויינען, קינדער וואָס קענען נאָך נישט רעדען, וויינען, זאָלסטו וויסען, אַז דאָס וויינען זײַ עם אויף אונזער מזל. און אויף אסתר'קעס. זי וועט מען אויך מיט געוואַלד צונעהמען פון איהר געליעבטען... זי וועט אויך וויינען אין דער שטיל און קיינער וועט נישט הערען, קיינער וועט נישט וויסען... מען האָט אוועקגעשיקט, רבנים זאָלען קומען. דו וועסט אַ דרשה זאָגען צו די תנאים און אסתר'קע וועט זיצען אין דער שטיל און וויינען און קיינער וועט נישט וויסען פאַר וואָס זי וויינט.

יואל.

— ס'דוכט מיר כ'בין פון אַ בריק אין אַ טיעפען וואַסער אַרײַנגעפאַלען, דאָס וואַסער טראָגט מיך אַלץ ווײַטער פון ברעג, אַלץ ווײַטער פון דעם בריק.

חוה (איהר שטיקען טרערען).

— ווער רײַסט דיך אָב פון דער תורה? בין איך שולדיג? לאָז איך דיר נישט?

יואל.

— ש-ש-ש, רעד נישט. (אין אַ ווײַלע אַרום) ס'איז געווען ליכטיג ווי אין גן-עדן. ווי פרײַטאָג בײַ נאַכט אין בית המדרש. ווען אין אַלע רעהרען ברענען ליכט. שטענדיג איז געווען ליכטיג אַרום מיר,



וויפיעל ליכט כ'האָב געוואָלט האָט מען מיר אָנגעצונדען... מײַן טאַטענס שטוב האָט מיר שטענדיג ווי אַ בית-המקדש אויסגעזעהן, די ווענד האָבען געשײַנט און געלויכטען מיט טײַערע שטיינער, וויפיעל דימענטען כ'האָב געוואָלט האָבען זיך אָנגעצונדען מיט ליכטיגקייט. איצטער איז פינסטער... טהו תפילה פאַר מיר, חוה, איך זאָל זיך צוריק צו מײַן פריהערדיגער היים אומקעהרען. ס'זאָל זיך צו מיר צוריק דאָס פריהערדיגע ליכט אומקעהרען...

חוה.

(זי וויינט אין דער שטיל).

יואל.

(ער וויל זיך פון איהר בעפרײַען נאָר ער איז צו שוואַך).

חוה.

(זי קושט איהם לאַנג, ער וועהרט זיך נישט).

— ווי די תורה האָב איך געמיינט וועסטו מיך ליעב האָבען, ווי די תורה וועל איך דיך ליעב האָבען... דו וועסט די תורה לערנען און איך וועל דײַנע ליכטיגע אויגען קושען. (קושט זײַנע אויגען) איז דיר פינסטער אַרום? האָסטו די תורה פערלאָרען?.. האָט דיך די תורה פערשטויסען?.. קעהר זיך אום, יואל. אָט דאָרט איז דײַן אָרט; אין ווינקעל, נעבען אָרון קדש... דאָרט ברענט דײַן לאָמפּ. (זי פיהרט איהם צו זײַן אָרט. מאַכט גרעסער דאָס פײַער. עפענט איהם אויף זײַן ספר) אָט איז דײַן הייליגער ספר... ליכטיג וועט דיר זײַן... אָט איז דײַן אָרט ווידער... ליכטיג וועט דיר זײַן... ווען קליינע קינדער וועלען וויינען, קינדער וואָס קענען נאָך ניט רעדען — וויינען — דאָס קלאָגען

זײַ עס אויף אונזער מזל... (זי גײט אַרויס מיט שנעלע נאָר שטילע טריט פון בית המדרש. לאָזט אויפגעפּראַלט די טהיר הינטער זיך).

## יואל.

(ער שוידערט פון קעלט. קוקט מיט ברייט געעפנטע אויגען צום טהיר, ווי נאָך אַ צויבער־בילד וואָס פערשווינדט פון איהם. מיט אונטערגעבראָכענע טריט לאָזט ער זיך געהן צו די טרעפּלעך וואָס נעבען אָרון קדש. ער קלייבט זיך אַרויף העכער ביז צום אָרון קדש. זיינע אויגען זענען נאָך אַלץ צום טהיר געווענדט. ער פליאָנטערט זיך מיט די הענד אָן פּרוכת. ס'זעהט אויס ווי ער קען זיך ניט דערקלייבען צו די טהירלעך פון אָרון־קדש. די פיס ווערען איהם אַלץ שוואַכער און שוואַכער ביז ער לאָזט זיך אין גאַנצען אַראָב אויף דער ערד. שטיל. ס'הערט זיך נאָר דאָס טיקען פון זייגער. ערגעץ גרילצט אַ גריל).

לאַנגזאַם פאַלט די פאָרהאַנג.

